


# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש-
זשורנאל



5

מינסק — 1939












## מיטגלידער פון פּאָליט־ביוראָ פון צק אלקפּ(ב):

די כאַווייִרים—אנדרייעוו א. א., וואָראָשילאָוו ק. יע., זשדאנאָוו א. א., קאגאנאָוויטש ל. מ., קאלינין מ. אי., מיקאָיאן א. אי., מאָלאָטאָוו וו. מ., סטאלין י. וו., כרושטשאָוו נ. ס.
קאנדידאטן: די כ״כ — בעריִאָ ל. פּ., שווערניק נ. מ.




פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

1939 מײַ ═══ פופצנטער יאָרגאנג ═══ · № 5

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווסטר

## ד. האָפשטיינ

I

דער ערשטער בויגנ פונ רעגנ
אפנ הימל שטייט פארקלערט,
עס האָט זיכ אימ אײַנגעגעבנ
באהעפטנ הימל מיט ערד.

נאָר אויכ א רעגנבויגנ
איז צופיל קלערנ פארווערט,
איינ ראנד איז זיכ צעפלויגנ
אונ אָפגעלאָזט די ערד.

אונ ס'האָט דעמ צייכנ פונ פרידנ
מײַנ אויג אפ גיכ פארשוועכט:
ער איז פונ הימל געשטיגנ—
א קרומע שארפע שווערד.

II

הארצ מײַנס, צאפלסט—
ס'איז קיינ שולד!
ווארט א קאפל,
האָב געדולד!

פילבאר איז דײַנ
יעדע צעל,
נאָר זי מוז זײַנ,
קלאָר אונ העל.

פילנ מוזטו
שטילערהייט,
ליגסט אינ ברוסט דאָכ,
האָסט א שייד.



װען דיך װעקן
װײס נאָר איך,
דיך אנטפּלעקן
פלינק און גיך.

דיך אנטבלױזן
אין געפּעכט,
דו זאָלסט ברױזן
מיט גערעכט.

דו זאָלסט בליצן,
װי א שװערד,
זאָלסט פארקריצן
מענטשן־רעכט!

ב. אָליעווסקי

# אָנהויב לעבנ

## פאווליק

מיט צעעפנטע טירנ אונ אויסגעהאקטע פענצטער שטייט אונדזער שטיבל. צו אונדז וועט מענ שוינ ניט קומענ. אונדז וועט מענ שוינ ניט ראַבעווענ.

איכ ליג מיטנ טאטנ אונ מיט דער מאמענ אפנ בוידעמ אונ מיר ווארטנ אפ דער רויטער ארמיי.

ס'איז הייס אונ פינצטערלעכ אפנ בוידעמ. פונ זינט די מאמע האָט מיכ פארלאָרנ אפנ פעלד, לאָזט זי מיכ ניט אָפּ פונ זיכ.

זי פארמאכט אלעמאָל די אויגנ אונ פארקלעמט די ציינ. איר פּאָנעמ איז ווײַס. איר בלויע פארשוואָלענע האנט איז אינגאנצנ ארומגעוויקלט מיט נאסע האנטעכער. מ'האָט דער מאמענ איבערגעבראָכנ די האנט.

דער טאטע זיצט אנטקעגנ אונדז. ער זיצט אָנגעשפארט אינעמ קוימענ. אָפּגעריסענע שטויביקע שטראלנ שלאָגנ זיכ דורכ דורכ די צעבראָכענע שינדלענ. דער טאטע זשמורעט די אויגנ.

ער זיצט צווישנ דעמ פייסעכדיקנ געפעס, צווישנ צעבראָכענע קעסטלעכ, מולטערס אונ שפינוועבס.

ער איז א באָרוועסער, א צעכראַסטעטער. ער לייגט אלעמאָל צונויפ אונ צענעמט אלעמאָל די הענט:

— ארל,—שאָקלט ער צו דער מאמענ מיטנ קאָפּ,—ארעלע איז, דאכט זיכ, גערעכט... ריבוינעשעלוילעמ—באהאלט ער דעמ קאָפּ אינ די הענט.

פריִער אביסל האָט דער טאטע אפילע צעריסנ אפ זיכ דעמ זשילעט. ער האָט אָנגענומענ דעמ לאצ מיט די ציינ, א ריס געטאָנ מיטאמאָל דעמ געוואנט.

— גאָט מײַנער—האָט די מאמע גענומענ רײַבנ מיט דער געזונטער האנט די שלייפנ—ערשט אייערנעכטנ...

— ערשט אייערנעכטנ האָט מײַנ מומע איטע—א-א-א געמאכט צומ קינד. אונ איצט—אויס...

די מאמע בײַסט זיכ די ליפּנ. זי האָט מוירע, מע זאָל ניט דערהערנ אינ גאס. אלעמאָל הערט זיכ א געשריי. זי האלט מיכ צו. זי וויל ניט, איכ זאָל איצטער אוועקגיינ פונ איר.

נאָר כ'קען שוין ניט אײַנזיצן. כ'וויל זייער צוגיין צום בוידעם־פענצטער א קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך.

שוין די צווייטע מעסלעס, ווי „באטקאָ" ליסיצע קוילעט. שוין דעם צווייטן טאָג, ווי עטלעכע פארבליבענע רויטארמייער מיט אויסגעשניטענע רויטע שטערנס אף די הערצער ליגן לעם בלויען פלויטל פונעם ווײַסן קלויסטער.

הערט זיך ווידער א שאָס און—ווידער שטיל.

ס'איז אזוי שטיל, ווי נאָך קיינמאָל ניט.

נאָר אָט דערהערן מיר א שיסערײַ, אף וועלכער מיר וואַרטן שוין אזוי לאַנג. דײַטלעך־דײַטלעך דערהערט זיך א דערפרייענדיקער סנאריאדן-הילך. דער אופרײַס איז א ווײַטער, א פארדומפענער. א פריילעכער פײַפ פון א שראפנעל—וויעט עט־לעכע רעגעס און דונערט אוף איבערן שטעטל.

א צווייטער, א דריטער.

דער טאטע מוז בלײַבן מיט דער מאמען. די מאמע וויינט. נאָר איך הער זי שוין ניט.

איך רײַס זיך אויס, און לויף אראָפּ פון בוידעם.

אונטן איז שוין א לויפעניש און נאָענט שיסן שוין קוילנווארפערס.

די באָלשעוויקעס זעט מען נאָך ניט, נאָר זייערע קוילן פײַפן שוין פריילעך און לעבעדיק איבער די ליידיקע געסלעך.

פאר די פעטליוראָווצעס האָבן מיר שוין קיין מוירע ניט.

פלאָנטערנדיק מיט די פיס, אוועקוואַרפנדיק די ביקסן און די אָנגעראבעוועטע פעק, לויפן זיי. זיי זײַנען שוין גאָרניט קיין שרעקלעכע.

זיי לויפן צעפּוזשעטע און דערשראָקענע. זיי שפרינגען, ווי ניט קיין ערד וואָלט געווען אונטער זיי, נאָר סקאָוואָראָדעס.

זיי לויפן, און נאָך זיי טראָגט זיך, א כוואליע הורא-אויסגעשרייען.

ס'דאכט זיך, אז אפילע די הײַזער מיט די אויסגעבראָכענע שויבן, די פעדערן פון די אופגעריסענע קישנס און אפילע די געהארגעטע, וואָס וואלגערן זיך אין גאס, הוקען און שרײַען, דאכט זיך, פון פרייד.

פון מיר איז שוין אָפּגערעדט.

פריילעכער פון אלעמען איז מיר און מײַנע כאווירים.

סע הודזשעט א פאנצער-אוטאָמאָביל. דער אווטאָמאָביל לויפט אָן ווי א גרויי־סער גרינער געהויקערטער קעמל. אף זײַן נאָז פלאטערט א רויטע פריילעכע פאָן און פון זײַן טורעמל בילן די קוילנוואַרפערס און באהאָלענע די באנדיטן.

איך, זיאמע און סראָליק לויפן באגעגענען די רויטארמייער. די קאָמאנדירן שרײַען אף אונדז און טרײַבן אונדז, נאָר פאר רויטארמייער האָבן מיר קיין מוירע ניט. די רויטארמייער וועלן אונדז ניט טשעפּען. מיר לויפן זיי נאָך. זיי קאָנען מיט אונדז גאָרניט מאכן. זיי רינגלען ארום דאָס שטעטל און כאפּן די פעטליורעווצעס. מ'האָט ארומגערינגלט אונדזער גאס און מע כאפט דעם אטאמאן.

דאָס ערשטע מאָל דערזע איכ ליסיצענ אינ פאָנעמ. ער לויפט דורכ קימאט לעמ מיר. דאָס מויל איז בא אימ אָפנ, די נאָז אײַנגעקנייטשט, די אויגנ צונויפגעצויגנ.

ער וויל אנטלויפנ. ער וויל לעבנ.

— אווע־עקט!—רעוועט ער אונ שיסט זיכ אָפ פונ די רויטארמייער.

דער פאנצער-אווטאָמאָביל פאָרט אימ אָבער נאָכ אונ טרײַבט אימ מיט נאָכ פעט־ליוראָווצעס פונ הינטער די הײַזער. עטלעכע רויטארמייער צוגעפאלענע צו דר׳ערד, לאָזנ ניט ארויס די באנדיטנ פונ געסל. מע פארטרײַבט זיי אונ מע שפארט זיי צו צו א פלויטל, פונוואנענ זיי קאָנענ ניט אנטלויפנ. ארומ זײַנענ הײַזער אונ רויטאר־מייער, מע וויל אימ נעמענ ליסיצענ א לעבעדיקנ. ער פארגראָבט זיכ לעמ שאָכנס פלויטל, קאָרטשעט זיכ צו דער ערד. וויל זיכ ניט אונטערגעבנ.

פונ יענער זײַט פלויטל, אינ געלע קווייטנ אונ אינ קאלענע־ביימלעכ שטייט אונדזער שאָכנ לאדימערס שטיבל, ווו ס׳וווינט מײַנ כאווער פאווליק.

די טיר בא לאדימערנ איז אָפנ. אפנ געפלאָכטענעמ צעבראָכענעמ פלויטל טרי־קענענ זיכ עטלעכע פארויכערטע טעפ. אפנ הויפ וואלגערט זיכ אנ איבערגעקערטער פארזשאווערטער שליטנ.

די פעטליורעווצעס גיבנ מיטאמאָל א בייג דאָס פלויטל, גיבנ זיכ א לאָז צו לא־דימערס שטיבל אונ פארהאקנ נאָכ זיכ די טיר.

— ארומרינגלענ!—עפנט זיכ דער ליוק אינעמ פאנצער־אווטאָמאָביל.

פונעמ פאנצער־אווטאָמאָביל שפרינגט גלײַכ ארויס א מענטש אינ לעדער. דער מענטש איז שווארצ אונ פארויכערט. נאָר די האָר זײַנענ בא אימ גראָע.

ער לייגט צו ביידע הענט, ווי א טרומייט צומ מויל:

— ליסיצא!—צעשרײַט ער זיכ, אפ אוקראַיִניש, ער שרײַט אזוי, אז די אויגנ קריכנ אימ אויש פונ פאָנעמ—כ׳באפעל ארויסווארפנ דאָס געווער אונ זיכ אונטער־געבנ!...

אפ דעמ קאָמאנדירס באפעל ענטפערנ די באנדיטנ מיט א שיסערײַ. דאָס טורעמל אפנ פאנצער־אווטאָמאָביל הויבט זיכ אָנ קערעווענ. די דינע פיסקעס פונ די קוילנ־ווארפערס דרייענ זיכ אויס צו די פענצטערלעכ פונעמ שטיבל אונ ענטפערנ אָפ. אינ שטיבל ווערט מענ אנשוויגנ. אָבער צוגיינ צומ שטיבל קענ מענ ניט.

לעמ אלע הײַזער, וואָס ארומ שטיבל,—באפוילט דער קאָמאנדיר,—זיכ שטעלנ מיט עמער וואסער, דאָס פײַער זאָל זיכ ניט פארשפרייטנ!..

איכ כאפ אויכ אנ עמער וואסער.

מע עפנט דעמ בענזינ־זאק פונעמ אווטאָמאָביל אונ מע נעמט ווייקנ אינ אימ שמאטעס, פאקליע אונ ווארפנ אפנ שטיבל. מיט גרויסע קוליעס שטרוי נעמט מענ באווארפנ די ווענט.

דער לויטערער זומערדיקער פארנאכט הויבט אָנ שמעקנ מיט בענזינ.

נאָר מע צינדט נאָכ ניט אונטער. מע בלײַבט מיטאמאָל אלע שטיינ אונ מע כאפט אראָפ די היטלענ.

פונ מארק־זײַט באווײַזנ זיכ די באלעגאָלישע פורנ אונ פויערישע וועגענער. די וועגענער זײַנענ מיט הויכע דראבענעס. איבערגעדעקט זײַנענ די פורנ אונ וועֿ־

גענער מיט רויטע פארבלוטיקטע לײַלעכער און מיט פארפלעקטע קאָלדרעס. אסאכ־אסאכ מענטשנ גײענ נאָכ. דאָס פירט מענ די געהארגעטע אפנ בײסאלמענ. א לאנגער אויסגעצויגענער געווײנ שלעפט זיכ נאָכ נאָכ די פורלעכ.

— כאווער קאָמאנדיר, א סאָ־אָפ!—צעשרײַט זיכ א רויטארמײער—מיר צאצקענ זיכ צופיל! כאווער קאָמאנדיר!

א דורכגעזאפטע מיט בענזינ אָנגעצונדענע שמאטע באווײַזט זיכ אינעם רויטארמײערס הענט. דער רויטארמײער איז פארשטויבט און צעפאטלט; א וויקלשנור האָט זיכ אָפגעוויקלט פונ זײַנ פוס און שלעפט זיכ אים נאָכ. די רויטע סטענגע אפ זײַנ היטל איז ווי א בלוטיקער שראם.

— כ׳צינד אונטער!..

אלע נעמענ זיכ אַפרוקנ. די שמאטע אינעם אַרמײערס האנט פלאקערט און קנאקט אינ דער שטילקײַט. די פײַערדיקע צינגער שפיגלענ זיכ אָפ אינ די בלינדע צווײ פענצטערלעכ פונ לאדימערס שטיבל.

דער רויטארמײער גיט זיכ א בײג אפ צוריק, ציט אויס די האנט און וויל שוינ א שלײַדער טאָנ די ברענענדיקע שמאטע.

אָבער די שמאטע ווארפט ער ניט. די אויגנ גיבנ זיכ בא אים ברײט און צעשראָקנ אנ עפנ. דער ברענענדיקער פאקעל פאלט ארויס פונ זײַנ האנט.

אפנ פענצטערל באווײַזט זיכ׳מײַנ כאווער פאווליק. ווי שטענדיק, איז ער אָנגעטאָנ אינ זײַנ סאטענס פארלײמיקטנ פידזשאק, וואָס שלעפט זיכ אים נאָכ ביז די פיאטעס. פונ די גרויסע ארבל זעט מענ אפילע ניט ארויס זײַנע הענט. מיט פארווײנטע און דערשראָקענע אויגנ באטראכט ער די ארומיקע. פארטריקנטע פאסיקלעכ טרערנ צעפאסעווענ זײַנ צעטומלטנ און פארבלאָטיקטנ פאָנעם.

הינטער פאווליקנ, א צעקרימטער און צעקנײטשטער, שטײט ליסיצע.

ליסיצע שרײַט עפעס און שעלט. ער האלט צו פאווליקנ פארנ זאבארעק, וויסנדיק, אז צוליב פאווליקנ וועט מענ ניט שיסנ אינ אים.

די באנדיטנ האָבנ געטראָפנ פאווליקנ אינ שטוב, פארהאלטנ אים און ניט ארויסגעלאָזנ. קײנער האָט וועגנ דעם ניט געוווּסט.

די באנדיטנ שטײענ באם פענצטער און שיסנ זיכ אָפ.

דער אָנגעצילטער קוילנווארפער פונעם פאנצער־אווטאָמאָביל ענטפערט ניט.

אינ דרויסנ ווערט טונקעלער. דער קאָמאנדיר גײט גיכ־גיכ הינ־און צוריק. ער איז צעטומלט און איז אינ כּעס. כ׳זאָג דעם קאָמאנדיר, אז דאָרט וווינט לאדימער און אז מיר האָבנ בא אים באהאלטנ די נאקלאדנע לעפל און די לײַכטערלעכ...

— וואָ־אָס?

— נאקלאדנע לעפל...

— וואָסערע לעפל?

— וואַ־אַנ—ווערט ער אפ מיר אינ כּעס.

דער צעפאטלטער רויטארמײער מיט די צעוויקלטע וויקלשנורנ גיט זיכ מיטאמאָל א וואָרפ פונעם אווטאָמאָביל. אויסגעצויגנ אפנ בויכ, נעמט ער הינטנ ארומקריכנ צו פאווליקס פענצטערל. ער קריכט ארײַנ אינ הײפל. קריכט אינעם גראָז צווישנ די קאלענע־בײמלעכ.

ער פויזעט אלצ נעענטער צום שטיבל. אָט ליגט ער שוינ אינגאנצנ אויסגעצויגנ אונטערנ נידעריקנ פענצטערל. איבער אים, א ביסעלע העכער, שטייט פאווליק. פאווליקס אויגנ קוקנ אפ אונדז. מע האָט מוירע זיכ א ריר טאָנ. מ׳האָט מוירע, אז פאווליק וועט דערזענ דעם רויטארמייער, זיכ דערפרייענ—אונ דעמלט וועט אי ער, אי דער רויטארמייער אומקומענ. מע מוז שטארק איבערשרעקנ פאווליקנ אונ אָפּווענדנ די באנדיטנ.

— פײַער!!!—צעשרײַט זיכ דער קאָמאנדיר.

צוויי קוילנוואָרפערס הויבנ אָנ אָנ אופהער שיסנ איבערנ דאכ. פונ יענער זײַט שטוב פײַפּט מענ אונ מע שרײַט. כ׳האָב זיכ זייער גוט אויסגעלערנט פײַפנ. כ׳פײַפ אויכ. כ׳לייג ארײַנ צוויי פינגער אינ מויל אונ סווישטשע. דער שאָפער קוועטשט זײַנ טרובע. ס׳איז אזא הוקעניש אונ שיסערײַ, טויב צו ווערנ.

דער רויטארמייער הויבט זיכ אונטער אפ די קני. זײַנ האנט ציט זיכ זייער פאָרזיכטיק צו פאווליקנ. אָט איז זי שוינ א ביסעלע העכער... מיטאמאָל גיט ער אים א כאפ פאר די באָרוועסע פיסלעכ אונ גיט אים א שלעפ צו דער ערד.

— פײַער!!!—שרײַט נאָכ העכער דער קאָמאנדיר.

פאווליק גיט זיכ א גליטש פונ זײַנ גרויסנ פידזשאק אונ פאלט א נאקעטער איבערנ רויטארמייער.

נאָר דער רויטארמייער לעבט שוינ ניט. פארקוועטשנדיק פאווליקס פיסל, ליגט ער מיטנ קאָפּ אינ גראָז.

אינעם באפרײַטנ אויסגעקרימטנ פענצטערל שיסנ די רויטארמייער, די באנדיטנ זאָלנ זיכ ניט קאָנענ דערנעענטערנ.

— פײַער!! פײַער!!!—קלינג אלצ שטארקער, צאָרנדיקער דעם קאָמאנדירס קאָל.

אינ זײַנ אויסגעשטרעקטער האנט גיט מיטאמאָל א בלישטשע א ווײַסע פלעשל־דיקע האנט־גראנאטע. צעוויגנדיק די האנט, אָפּלויפנדיק עטלעכע טריט, גיט ער מיט אלע קויכעס א שלײַדער די גראנאטע אפנ שטרויענעם דאכ.

איינ אויגנבליק טוט נאָר א גלאנצ אינ דער טונקלעניש דאָס פלעשעלע פונ דער גראנאטע, אונ מיטאמאָל, ווי עמעצער וואָלט מיט א גרויסער גוואלדיקער האנט א זעצ געטאָנ איבערנ קאָפּ פונעם שטרויענעם שטיבל, האָט דער דאכ א קרעכצ געטונ, ס׳האָט א דונער געטונ די אופגעפלאצטע גראנאטע, אונ געלע רויכ־קנוילנ האָבנ פארדעקט דאָס שטיבל.

פריִער צינדט זיכ אָנ דער דאכ, נאָכדעם כאפּנ זיכ אָנ די ווענט. פונ די פענצ־טערלעכ, ווי פונ אָנגעגליטע אויוונס, שפארנ אונ רײַסנ זיכ די פלאמענ. דאָס פײַער האלדזט אונ נעמט ארום דאָס שטיבל. פונקענ—מיליאָנענ פײַערלעכ—טראָגנ זיכ אונ לעשנ זיכ איבער די קעפּ.

אפ איינ אויגנבליק באווײַזט זיכ לימיצעס קאָפּ אינעם פײַער.

פאווליק שלעפּט מיט אלע קויכעס נאָכ זיכ דעם געהארגעטנ רויטארמייער. דער קאָמאנדיר לויפט צו, כאפּט פאווליקנ ארופ אפ די הענט אונ טראָגט אים צו צום אווטאָמאָביל.

די שײַנ פונעם פײַער וויגט זיכ, העלט אונ טונקלט זיכ. אָט זײַנענ אלעמענס פע־

געמער רויט פונעם אָפּשייַן און אָט זייַנען זיי טונקל און גרוי, ווי שטיינערנע, ווי אויסגעהאַקטע.

קיינער רעדט ניט און קיינער רירט זיך ניט. פונעם שטיבל הערט מען שוין קיינעמס געשרייען ניט. ס׳וואַלגערן זיך די ברענענדע ווענט. און נאָר דער וועכטער און נאַקעטער קוימען סטאַרטשעט אינעם רויך.

לעם פאַנצער-אויטאָמאָביל, די פּיסלעך אונטער זיך, און פאַרהיקנדיק זיך פון געוויין, זיצט פאַווליק. הינטער אים לעם אויטאָמאָביל, ליגט דער דערהאַרגעטער רויט-אַרמייער.

דערזעענדיק מיך, הויבט זיך פאַווליק אויף. ער האָט ניט ווו צו נעכטיקן און גייט צו מיר. ער געזעגנט זיך אפילו ניט מיטן קאָמאַנדיר פאַרן אַוועקגיין, גיט אפילו קיין קוק ניט אויפן דערהאַרגעטן, וואָס האָט אים געראַטעוועט.

מיר גייען אינצווייען איבער די פינצטערע געסלעך פונעם שטעטל. דאָס וויגנדיקע פייַער פונעם שטיבל באַשייַנט אונדז דעם וועג.

## כ׳בין שטאַרק פאַרנומען

כ׳בין שטאַרק פאַרנומען. כ׳האָב אַסאַך אַרבעט. כ׳לויף. מע מוז אומעטום זייַן. מע דאַרף זיך שלאָגן, שלעפּן קאַשע בא די רויטאַרמייער, לויפן אויפן בעסאַלמען באַטראַכטן, ווי מע וואַרפט צונויף אין איין גרוב די געהאַרגעטע...

אַהיים קער איך זיך שוין אום, אַז איך ווער הונגעריק.

איצטער גיי איך אַהיים. גיי פאַמעלעך. כ׳האָב זיך צעהאַקט אַ פוס און איך הינק. קומענדיק אָבער אויף אונדזער גאַס, קען איך שוין פאַמעלעך ניט גיין. איך דערזע אַ פּאָר אָנגעזאָטלטע פערד לעם אונדזער שטוב. פערד — איז בא מיר דאָס כּיעס.

איך שטעל זיך אָפּ. איך באַטראַכט זיי. זיי זייַנען נאַס. שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און ציפּען אפילו ניט דאָס גראָז אונטער די פיס.

זיי שטייען שוין דאָ, ווייַזט אויס, לאַנג. מייַן הינטל מוציק קאַטשעט זיך אויף די קורצע פיסלעך, און איז באַרויִגט. נאָר מוציק האַווקעט ניט. ער קוקט אויף זיי און וואָרטשעט.

— אַפּוֹשאָל — טרייַב איך אים אָפּ.

פערד האָב איך בעסער ליב. איך גיב אַ צי, אַ דריי די הויזן אויף אַרויף. איך בין זייער צופרידן, וואָס אויף אונדזער גאַס איז קיינער ניטאָ. איינער אַליין מיט די צוויי פערד, דערפיל איך זיך מיטאַמאָל גרעסער, און עלטער.

איך שטאַרב, אַזוי וויל איך שוין ווערן עלטער.

ווי אַן עמעסער רויטאַרמייער פּאַטש איך די פערד איבער די רוקנס:

— נאַ־אָ! אַ ניכפּע אויף אייַך! לאָזט דורך! — שרייַ איך אויף זיי — און גיב אַ זעץ מיט דעם פוס אין דער הויז-טיר.

איך גיי איצט שטענדיק אַרייַן מיט אַ טראַסק אין שטוב.

איך רויכער שוין ציגאַרן. כ׳האָב שוין איצטער פאַר קיינעם קיין מוירע ניט. קיינער גיט אפילו קיין פּיפּס ניט אין שטוב. דער טאַטע שווייַגט. די מאַמע האָט מען אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל.

אַרײַנגײענדיק אינ קיכ, בלײַבט איכ שטײנ. סע שמעקט עפּעס מיט אַפּטײק אינ שטוב. פונ צװײטנ צימער הער איכ, װי עמעצער גײט אומ הינ־אונ־צוריק אונ װי דער טאַטע דרײט זיכ אונ סע סקריפּעט אונטער אימ די קאַנאַפּע.

װער ס'איז מיטנ טאַטנ װײס איכ ניט. ס'איז פאַרמאַכט די טיר. כ'װיל זי ניט עפענענ. כ'לאָז זיכ בעסער אינ אַלקער. אינ אַלקער איז שטיל. דאָס אײנציקע פענצטער איז פאַרהאַנגענ מיט א לײַלעכ. קױמ װאָס סע שלאָגט זיכ דורכ די ליכט.

אינ אַלקער קרעכצט אָבער עמעצער. פריִער דערשרעק איכ זיכ. נאָכדעמ גײ איכ שטילערהײט צו צומ בעט. אָפּ די אַנגעװאָרפענע צעריסענע קישנס דערזע איכ אַרלען. פונ אונטערנ שינעל שטעקנ זײַנע פיס אינ די צעריסענע געלע שקאַרפּעטקעס. זײַנ פּאָנעמ זע איכ ניט. ער האָט זיכ אינגאַנצנ איבערגעדעקט מיטנ שינעל.

— אַרל!—גיב איכ אימ א רופ אונ בײג זיכ אָנ צו אימ.

ער דערהערט, דאַכט זיכ. ער גיט א קרעכצ פונ שלאָפ...

— מאַ־אַגיד?!..

װאָסער מאַגיד?—פאַרשטײ איכ ניט, װאָס ער רעדט צו מיר. כ'לײג צו די האַנט צומ מױל. כ'שטײ אָפּ די שפּיצ פינגער. לעמ אַרלען, אָפּנ טאַבורעטל, װאָס שטײט לעמ בעט, דערזע איכ מיטאַמאָל אונדזער פּאָמעניצע. אינ דער פּאָמעניצע ליגנ אָנגעװאָרפנ שטיקלעך פאַרבלוטיקטע װאַטע, שטיקער מאַרליע.

זײַנ מעשנ־קעסעלע, דאָס היטל מיטנ רױטנ שטערנדל ליגנ אָפּנ דיל.

כ'הײב אָנ מורע האָבנ. כ'עפנ שטילערהײט די טיר צומ טאַטנ. די טיר איז פאַרהאַנגענ מיט א פאָרהאַנג. די טיר גיט א דינעמ קװיטשע אָפּ די זאַװעסעס. כ'בלײַב שטײנ.

דער טאַטע דערהערט ניט. דרײט זיכ אַפילע ניט אױס צו מיר.

אָנגעשפּאַרט אינ פענצטער, די הענט פאַרלײגט אָפּ צוריק, דערזע איכ מיטנ רוקנ צו מיר א רװטאַרמײער. דער טאַטע קוקט ניט אָפּ אימ. דער טאַטע זיצט אָפּ דער קאַנאַפּע. אײנ האַנט האַלט ער אָפּנ טיש, אָפּ דער צװײטער האָט ער אָנגעשפּאַרט דעמ קאָפּ אונ װיגט זי הינ־אונ־צוריק. ער װיגט דעמ קאָפּ, דער קאָפּ איז פול מיט פעדערנ פונ די צעריסענע קישנס.

— נר־נו,—מאַכט פונ צײַט צו צײַט דער טאַטע,—גאָרניט, כאָװער מאַגיד,—אונ הײבט אופ די אױגנ צומ רױטאַרמײער,—פאַרקערט, זײַט מאַצליִעכ... ערגער איז נאָר א טאַטנ...

— אונ איכ זאָג אײַכ נאָכאַמאָל—בעעמעס!—ניט געפערלעכ,—גײט צו מאַגיד צו אימ. ער טרעט אָנ אָפּ א לײַכטערל, װאָס װאַלגערט זיכ אָפּנ דיל. ער הײבט עס אופ. שטעלט עס אַװעק. ער שטײט, מאַגיד, אינ דער לעדערנער טוזשורקע, אונ אָנ א היטל. זײַנ פּאָנעמ איז פאַרבאַנדאַזשעװעט. דאָס היטל שטעקט אימ פונ דער קעשענע—א צונױפגעדרײטס מיט א צעשפּאָלטענעמ גלאַנציקנ דאַשעק.

— די קױל האָט ניט אָנגערירט דעמ בײנ. איר װעט זענ,—אונ מאַגידס שװאַרצע אױגנ צװישנ דער װײַסער מאַרליע װערנ שמעלער,—א װײל באַכערל בא אײַכ... א ייִנגל נאָכ—אונ ניט געשריִענ, ניט געװײנט אַפילע.

ער זעצט זיכ אַװעק אָפּנ פענצטער. ס'גיבנ א װײנ אינ דער שטילקײַט זײַנע שפּאָרנ. ער איז אָנגעכמורעט. ער װיגט מיט א פוס. זעט אַפילע ניט, אַז מיט דער

שפּאָר קלאַפּט ער אָפּ דעם טינק אונטערן פענצטער. ער לייגט צו די האַנט צום קאָפּ, גיט א גלעט, א דריק צו די מאַרליע צום שלייף.

— אונטער וואַסילקאָוו האָבן מיר זיך באַקאַנט... מיר האָבן ביידע אָנגעגריפן אָפּ מײַן שטעטל.

— א וואַסילקאָווער?

— א וואַסילקאָווער!—ענטפערט מאַגיד.

— און הארוגים?

מאַגיד שווײַגט א ווײַלע. קוקט זיך אַרום. גיט א בלאָנדזשע מיט די אויגן איבער די אַרומגעקלאַפּטע ווענט:

— אין וואַסילקאָוו איז שוידערלעך!.. הײַנט מעדזשעבוזש... מאַקאַראָוו...

— ריבוינעשעלוילעם,—קרעכצט און האָרבעט זיך דער טאַטע,—ווי מע האָט אונדז פּײַנט... נאָר ניט מעשוגע ווערן, ריבוינעשעלוילעם, רעדט דער טאַטע, ווי צו זיך אַליין,—גאָר ניט פאַרגעשטעלט זיך קיינמאָל, אַז אַזויפיל קוילערס זאָלן זײַן אָפּ דער וועלט...

דער טאַטע פאַרשטעלט זיך די אויגן מיט די הענט. אין דער שטילקייט הערט זיך נאָר ווי סע זשומעט א פליג, ווי סע קלינגען לעבן דער שטוב די פערד מיט די ציימלעך, ווי אונדזער שכינע וויינט.

— געווען א היים... קינדער געווען... ס'וועט דאָך קיין יעשועס... ס'וועט דאָך קיין סאָף ניט נעמען, האַ?

מאַגיד ענטפערט ניט. הערט, דאַכט זיך, אַפילע ניט, וואָס דער טאַטע רעדט צו אים. ער עפנט אויף דאָס פענצטער. אונטערן פענצטער וואַקסט מיאַטע. מאַגיד גיט א צי אין זיך די לופט. קוקט לאַנג אָפּ דער אַנטקעגנדיקער אָפּגעברענטער שטוב, וואָס רייכערט זיך, קוקט אָפּן קרוק פון דער קרענעצע, וואָס האָט צעשפּאָלטן אָפּ צווייען די פאַרגייענדיקע זון.

— מיאַטע?!—און מאַגידס אויגן הייבן אָן אַזוי ווי שמייכלען, זשמורען זיך צום טאַטן,—נאָר לעבן בלײַבן... און לייגט מען אַוועק, הערט איר, אין אַזאַ פאַרנאַכט—איז א שאָד!..

ער רוקט זיך אַרויף העכער אָפּן בײַשטיבל פון פענצטער. גיט א צי די כאָליעוועס פון די שטיוול.

— נאָר פון פונדעסטוועגן,—און א געזונטן פויסט הייבט ער אויף אינדערלופטן,—כ'בין אויך איינער בא מײַן מאַמען. בא אײַך איז אויך, דאַכט זיך, נאָר איין אַרל?..

מיר ווערט שרעקלעך דערפון. כ'קען שוין מער ניט אײַנשטיין:

— וואָס הייסט? און איך?—בין איך אַרויס אָפּן מיטן צימער.

כ'האָב אַזוי אומגעריכט אויסגעשריִען, אַז כ'האָב זיך אַליין דערשראָקן.

זיי האָבן מיך ביז איצט ניט געזען.

מאַגיד האָט נאָר א הייב געטאָן די ברעמען, מיך א מעסט געטאָן מיט פאַרוווּנדערטע אויגן.

— גאָלד!—האָט ער א סמאָטשקע געטאָן מיט די ליפּן און מיר אונטערגעהויבן דעם קאָפּ.

— מאַ שמייכעם, יונגערמאַן?

— אָשער!

איכ לאָז אראָפּ די אויגנ. פרעמדע מענטשנ קענ איכ קיינמאָל ניט קוקנ אינ די אויגנ. מײַנ פעטער מענאשע, וואָס האָט מיכ פײַנט, זאָגט, אז ס'א גוטער סימענ, אז פונ מיר וועט אויסוואקסנ א גאנעוול. פונ אונטער די ברעמענ קוק איכ פונדעסטוועגנ אפּ מאגידנ. מאגיד שטייט לעמ שפּיגל. איכ דערזע זיכ אינ אונדזער צעשפּאָלטענעמ שפּיגל. איכ זע, ווי איכ קראצ זיכ פונ שעמעוודיקײַט די קאָפּ. מײַנע באָרוועסע פיס זײַנענ ביז די קניִעס אינ בלאָטע, אונ ס'זעט אויס, ווי איכ זאָל טראָגנ שטיוועלעכ.

— ס'איז מײַנ קאדעש, —זאָגט דער טאטע, —אינ א ווילער צײַט. געבאָרנ געוואָרנ—אונ וואָס, זאָגט אליינ, וואָס מישטיינסגעזאָגט, קענ פונ אזוינס אויסוואקסנ?—אונ קרעכצט נאָכ דערבײַ.

טאגיד קרימט זיכ, דרייט מיטנ קאָפּ, באטראכט מיכ, גיט מיר א שאר מיט דער האנט איבערנ קאָפּ.

— א היצעל, —ענטפערט זיכ אליינ דער טאטע, —א היצעל וועט אויסוואקסנ!— אונ ער קערט זיכ אָפּ פונ מיר.

אז קיינער איז ניטאָ, איז וויפל דער טאטע שרײַט ניט—ארט מיר ניט. נאָר איצטער ווער איכ אינ קאס. איכ פרעס צונויפ דאָס מויל, אז אינ דער שטילקײַט דערהערט זיכ אזש דער קריצ פונ מײַנע ציינ.

— איר הערט?—קוקט דער טאטע אפּ מאגידנ, כאָטש דער טאטע איז צו דערצו שוינ צוגעוווינט.

— אזוי גאָר, אָשערל? —מאכט צו מיר מאגיד. אונ ווײַל ער זאָגט מיר „אָשערל”, באַרויִק איכ זיכ. אלע עלטערע זײַנענ עפּעס בארויגעז אונ שרײַענ אונ מאגיד ניט. מאגיד לייגט מיר אוועק די האנט אפנ אקסל, קוקט לאנג אפּ מײַנע פארבלאָטיקטע פיס:

— איז וואָס, יאטוצ, —אונ די אויגנ לאכנ בא אימ, —ווײַזט אויס אנ אומריינע ארבעט בא דיר? הא?

איכ קוק אפּ אימ. איכ פארשטיי ניט, וואָס ער פרעגט מיכ.

— כ'מיינ, א בלאָטיקע ארבעט, —ווײַזט ער מיר אפּ די פיס, —מע רייניקט, ווײַזט אויס, בלאָטעס?

— ניינ, —צעלאכ איכ זיכ. אונ איכ, אז איכ לאכ—לאכ איכ אפּ א קאָל. אז מע איז מיט מיר גוט, ווער איכ זייער גיכ כאווער אונ היימיש. איכ גיי צו נעענטער. מאגיד טראָגט א רעוואָלווער. כ'הייב אָנ דעמ רעוואָלווער ציִענ צו זיכ.

— ע, אָשערל, ער טשעפּעט דיכ, כאָלילע, דער רעוואָלווער?—לייגט ער אימ אוועק צו זיכ אפּ די קני—דערצייל בעסער וואָס טוסטו גאנצע טעג?

— גאנצענע טעג? גאָרניט—ענטפער איכ.

— גאָרניט? גלאט אזוי—אָנ א שטאָכ ארבעט? אומעטיק, מיסטאמע? שטארק אומעטיק, הא?

— ניינ!—דריי איכ זיכ, —עס איז מיר פריילעכ.

— פריי־לע־עכ?! ביסט דאָכ א גאָלד, אָשערל—דערפרייט זיכ מיט מיר מאגיד,— הוליעט מענ, וואָס? אונ ווו? אווו ווערט מענ עס פארפאלנ?

— אפנ בעסאלמענ,—ווער איכ איבערגליקלעכ, וואָס ער וויל מיכ אויסהערנ,— לעמ בעסאלמענ־פּלויט,—דערציילט איכ אימ, א גרויסע-גרויסע גרוב אויסגעגראָבנ... אונ אלע וואַרפט מענ זיי צונויפ אינײנעמ... אונ מיכ האָט מענ אויכ געלאָזנ זיי פאַרשיטנ—פאַרכליאָבע איכ זיכ אזש פונ גליק,—מע האָט מיר אויכ געגעבנ א זא־סטעפּ.

מאגידס אויגנ הערנ אופ לאכנ. זיי שטעלנ זיכ אָפּ. נאָר וואָס איז מאגיד געוועזנ פריילעכ אונ איצט איז ער שוינ אומעטיק.

— מע דארפ דאָכ פאַרשיטנ? געהארגעטע?—פאַרשטײ איכ ניט, וואָס ער קוקט אזוי אפּ מיר.

— פאַרשטייט זיכ, אָשערל—נעמט ער ארומ מײַנ קאָפּ מיט בײדע הענט,—מע דארפ, אָשערל... אונ ווּ נאָכ ביסטו געווענ?

— נאָכדעמ געלאָפנ צומ שטאב. צו דער פעלד־קיכ. געוואָלט נעמענ קאשע בא די רויטארמייער.

—קאשע?

— קאשע.

— הונגעריק איצטער?

— נײנ, ניט הונגעריק! אז מע וויל שטארק עסנ,—דערציילט איכ מאגידנ,—אונ מע עסט ניט, גייט דורכ אונ סע ווילט זיכ ניט עסנ.

— אונ נאָכ קאשע וועסטו פאָרנ?

— רײַטנדיק?—קענ איכ שוינ ניט אײַנשטײנ.

— זאָל זײַנ רײַטנדיק. מע וועט טרובענ אפּ קאשע, וועלנ מיר פאָרנ, אָשערל.

מאגיד לאָזט מיכ אָפּ. ארײַנגעלײגט די הענט אינ די קעשענעס פונ די גאליפּע־הויזנ, הייבט ער אָנ ארומגײנ פונווינקל צו ווינקל. ער טרעט פאַמעלעכ, היט זיכ, סע זאָלנ ניט קלינגענ די שפּאָרנ. ער איז, דאכט זיכ, בייז. דער טאטע געפינט זיכ עפּעס קיינ אָרט ניט.

— היצעלעס וועלנ אויסוואקסנ היצעלעס!—קענ זיכ דער טאטע ניט בארויִקנ.

אונטער די שינדלדיקע פאַרוואקסענע דעכער איז דער הימל געוואָרנ רויט, בלוּ־טיק. ס'איז מאָדנע אומעטיק געוואָרנ אינ שטוב. סע הייבט אָנ טרובענ דער האָר־גיסט. מאגיד בלײַבט שטײנ. אײנצלנע שאָסנ הערנ זיכ פונ די פעלדער. סע הערט זיכ אינ דער שטילקײַט דער אויסגעצויגענער געוויינ פונ וועלוול כאָדאָרקאָווס שטוב.

— אָשערל,—בייגט זיכ מאגיד צו צו מיר, ער בייגט זיכ צו אזוי נאָענט, אז איכ דערפיל די מארליע אפּ מײַנ פּאָנעמ,—וואָס טומ זיכ דאָרטנ?—ווײַזט ער מיר מיט דער האנט אפנ דרויסנ.

כ'פאַרשטיי ניט, וואָס ער פרעגט. ס'האָט שוינ געטרובעט דער האָרניסט, כ'וויל אימ זאָגנ, אז מע דארפ שוינ פאָרנ.

— וואָס הערסטו, אָשערל?—פרעגט ער איבער אונ פירט מיכ צו נעענטער צומ פענצטער.

— גאָרניט, מע וויינט... וועלוולס מאמע וויינט...

— אונ דאָרטנ?—ווײַזט ער מיר מיטנ פינגער צומ פענצטער אפּ דער אנטקעגנ־דיקער אָפּגעברענטער שטוב.

אינ דער טונקלעניש זע איכ נאָר די ווײַסע מארליע ארומ זײַנ קאָפּ, די ווײַסלענ פונ זײַנע אויגנ אונ זײַנע ווײַסע צײנ,—אינ פענצטער? אינ דרויסנ, וואָס זעסטו?

— די... שטוב,—פארהיקע איכ זיכ פונ שרעק,—לאדימערס שטוב דערברענט... א קוימענ.

— א קוימענ, אָשערל... וואָס שרעקסטו זיכ?—נעמט ער מיכ שטארק־שטארק ארומ.—ס׳איז עמעס, אָשערל... א שטוב דערברענט, א פרוי באוויינט עמעצנ... ס׳איז פארנאכט... ס׳איז נאָכ א פאָגראָמ... אונ פארגעדענקענ זאָלסטו,—הייבט ער אָנ ריידנ העכער,—אונ פארגעדענקענ זאָלסטו די שטוב... דעמ געוויינ, אָשערל... אונ פײַנט!—שטויסט ער מיכ אָפּ פונ זיכ,—בלוטיק זאָל ער פײַנט האָבנ די קאָנטררעוואָליוציע!—צעשרײַט ער זיכ מיטאמאָל אפנ טאטנ,—אונ שלאָגנ זיכ! שלאָגנ זיכ, הערט איר, ביז בלוט! די וועלט,—ווײַזט ער אפ מיר, אינ דער גאנצער נאקעטקײַט זעט ער.. ער וועט אויסוואקסנ אונ מ׳עט אימ ניט אָפּנארנ... פארגעדענקענ וועט ער, אָשערל... מיט די ציינ וועט ער זיכ הריזענ, אז מ׳עט אימ, מע וועט די רעוואָליוציע אָנרירנ... מיט אָפענע אויגנ וועט ער גיינ, אונ מיט פיס, וואָס וועלנ ניט קניִענ... א ניט געפעסטעטער, א מענטש, הערט איר, ניט קיינ היצעל וועט אויסוואקסנ!..

ער ציט אײַנ אפ זיכ דעמ רימענ. אפ מיר קוקט ער שוינ ניט. אפנ טאטנ קוקט ער שטרענג. ער גיט עפעס א זוכ מיט די אויגנ איבערנ צימער. גייט ארויס אינ קיכ אונ קומט ארײַנ צוריק:

— ווו איז דאָס קעסעלע? ס׳וועג־זעקל? נאָכ קאשע פארנ,—גיט ער א קוק אפ מיר.

— אינ אלקער!

אונ איכ לאָז זיכ לויפנ אינ אלקער. איכ רײַס אראָפּ דעמ לײַלעכ פונ פענצטער. ארל שלאָפט שוינ ניט. ער ליגט מיט אָפענע אויגנ. ביז האלב איז ער אָפּגעדעקט. ער ליגט אינ א גרינ העמדל מיט אָנגענייטע רויטע פאסיקלעכ אפנ קאָלנער. זײַנ קײַלעכיק אויסגעבליכט פאָנעמ גיט זיכ א קנייטש:

— וואָס שרײַט איר דאָרטנ?

— סע שרײַט מאגיד,—ענטפער איכ,—ער שרײַט, אז ס׳וועלנ מיר זיכ ניט בייגנ די קניִעס אונ ס׳וועלנ מיר זיכ ניט פארמאכנ די אויגנ...

— אָשער?—הייבט ער אופ די ברעמענ אונ באטראכט מיכ, ווי ער וואָלט מיכ ניט דערקענענ,—וואָס רעדט ער, טאטע?—סטארעט ער זיכ א לאכ טונ צומ טאטנ, וואָס איז אויכעט ארײַנ אינ אלקער.

— אייסעכ,—אונ דעמ טאטנס פאָנעמ ווערט אינגאנצנ אײַנגעקנייטשט—שטארקע וויטעקנ, ארעלע?

— נארישקײַטנ,—גיט ארל א מאכ מיט דער האַנט,—ער וויל שמייכלענ,—נאָר די אויגנ פארמאכנ זיכ, דאָס פאָנעמ ווערט איבערגעקרימט,—די מאמע... וואָס זעט מענ עפעס ניט די מאמע?

— די מאמע, ארל—איכ וויל אימ דערציילנ, ווי מע האָט איר איבערגעבראָכנ די האנט, נאָר דער טאטע גיט מיכ א טאָרע:

— נעם שוין,—דרייט ער צו מיר מיט די אויגן, איך זאָל שווייַגן,—נעם דאָס קעסעלע! ער וואַרט דאָך אפ דיר—און ער שטויסט מיך אַרויס אין דרויסן.

אין דרויסן פּאָיעט שוין מאַגיד די פערד. ער פּאָיעט זיי אין דער קאָרעטע, וואָס שטייט לעם אונדזער קרענעצע. אַז איך לויף צו, הערט ער אויף פּויַען צו די פערד.

— נו, ברידערלעך,—פירט ער זיי אָפּ פון דער קאָרעטע.

— האָלט זיך,—זעצט ער מיר אויף רייַטנדיק—גוט, האַ?

— זייער!—שריַי איך איבער דער גאַנצער גאַס. כ'וויל זייער מע זאָל דערזען ווי איך פאָר רייַטנדיק.

מאַגיד זעצט זיך ניט. ער שטעלט זיך אַוועק צווישן די פערד און פירט זיי פאַר די ציימלעך. ער פירט זיי פּאַמעלעך. צווישן די שוואַרצע גריוועס פון די פערד וויגט זיך קוים־קוים זייַן קאָפּ אין דער ווייַסער מאַרליע.

איך זיץ אין דער הייך. איך קלאַפּ מיט די פיס. און ס'איז מיר ווונדערלעך גוט.

## מיר שלאָגן זיך

מאַגיד האָט אַמאָל געזאָגט דעם טאַטן, אַז מע דאַרף זיך שלאָגן—שלאָגן זיך ביז בלוט!

שלאָג איך זיך.

די רעכטע זייַט פון מייַן פּנים האָט סימנים פון אויסגעריסענע שטיקלעך פלייש און איז אָנגעפּילט אַזוי ווי מיט שטופּלען. נאָר דאָס איז ניט פון קיין פּאָקן. דאָס האָט מיך אַזוי שטאַרק צעדראַפּעט מייַן כאַווער זיאַמע, ווען איך האָב אים געפירט צעשיסן.

כ'האָב זייער אַ סאַך מאָל געזען, ווי מע האַרגעט מענטשן. כ'האָב אַליין געזען, ווי לעם אונדזער שטוב האָבן דרייַ פּעטליוראָווצעס דערשטיקט זיאַמעס עלטערן ברודער.

כ'האָב אויך געזען, ווי אין נאָענטן וועלדל האָבן די פּעטליוראָווצעס צעשאָסן אונדזער פּאַרזיצער פון רעווקאָם, וועלוול כאַדאַרקאָוו... זייַן גאַנצע פאַמיליע האָבן זיי אויסגעהאַרגעט, געראַטעוועט האָבן זיך נאָר די מאַמע און די שוועסטער זייַנע—גאָלדע.

אָפּצאָלן, טויטן אַ באַנדיט... אָבער ווי טוט מען עס, אַז קיינער לאָזט זיך ניט? נאָר דאָ ניט לאַנג האָב איך געפירט שיסן זיאַמען, וועמעס טאַטן און ברודער מ'האָט געהאַרגעט און פאַר וועמען קיינער קען זיך 'ניט אָנעמען...

פאַר מיר נעמט זיך אויך קיינער ניט אָן. מ'איז אַוועק אין דער רויטער אַרמיי. מע איז זיך צעלאָפן.

מיר לערנען זיך ניט און האָבן פאַר קיינעם קיין מוירע ניט.

די מאַמע איז קראַנק. אַרל ליגט מיט אַ דורכגעשאָסענעם פוס. דער איינציקער געזונטער בין איך.

עמעס, ס'איז בא מיר אַ פולער האַלדז מיט וווּנדן. דער דאָקטער זאָגט, אַז

ס'איז דערפאר, ווײַל איך האָב ווייניק בלוט, אונ אז מע דארפ מיך בעסער א ביסל האָדעווענ. נאָר דער דאָקטער איז, ווי דער כאָדיק אינ לאדימערס שטוב. די שטוב ברענט אונ דאָס כאָדיקל גייט. א מאָדנער דאָקטער. קוים וואָס מיר קריגנ קלײַען, אונ ער הייסט טרינקענ אייער.

איך עס מערסטנטייל שטשאוועל, אונ מיינט ניט, אז עס איז אזוי גרינג אים צו געפינענ. מע דארפ זיך עס גוט אויסלערנענ, ווײַל ס'איז דאָ מענטשישער אונ פערדישער שטשאוועל. דעמ פערדישנ קאָנ מענ גאָר אינ מויל ניט נעמענ. אויסער שטשאוועל איז אויך ניט שלעכט אקאציע־צוויט. ער איז זיס. נאָר א סאך טאָר מענ אימ ניט עסנ. ניט שלעכט זײַנענ אויך די אונטערשטע ווײַסע טיילנ פונ לעפעכעס. אונ מיט לעפעכעס זײַנענ פול די סאזשלקעס אונטער אונדזער שטעטל.

א וועלט קערט זיך ארומ מיר—אונ איך א פריילעכער, א לעבעדיקער שפרינג ארומ איבער אירע ברוכשטיקער.

סע שלאָגנ זיך די באָלשעוויקעס מיט די פעטליוראָווצעס. די ארײַנ—די ארויס. קימאט אלע טאָג בײַט זיך די מאכט אינ שטעטל.

אז סע טרעטנ אָפ די באָלשעוויקעס, ווערט וויסט אונ אומגליקלעך אינ שטעטל. ס'א טומל, א גוואלד, א שיסערײַ, אונ איך בינ שוינ אינ שטאב. מע באווײַזט קיינמאָל ניט עוואקויִרנ אלצדינג. איך לויפ דעמלט ארומ איבער די אָנגעוואָרפענע ארומגעריסענע שטאב־צימערנ.

וואָס איך דערזע אונטער דער האנט, שלעפ איך. טעלעפאָנענ—איז טעלעפאָנענ. טינטערס, פאפיר, א פארזשאווערטע שפיז פונ א ביקס, פאטראָנטאשנ, פאטראָנעס, אונ דאָס סאמע וויכטיקסטע—טעלעפאָנ־דראָט.

דעמ טעלעפאָנ־דראָט הייב איך אָנ ארומשנײַדנ נאָך ביז איך קומ אינ שטאב.

— ברעכ! רײַס!—פלעג שרײַענ צו מיר וועלוול כאָדאָרקאָוו (ווענ ער האָט נאָך געלעבט)—האק! אז סע זאָל זיי גאָרניט איבערבלײַבנ!..

אונ איך רײַס דעמ דראָט מיט גרויס כיישעק.

פונעמ דראָט מאך איך טײַערע נאהײַקעס. נאהײַקעס קענ מענ מאכנ אויך פונ געלע ווערבע־צווײַגנ. נאָר פונ ווערבע ווערט גיך די נאהײַקע אויסגעטריקנט אונ אינ עטלעכע טעג ארומ איז זי שוינ ווערט א הארטנ זעצ אָנ דר'ערד. אנ אנדער זאך איז פונ טעלעפאָנ־דראָט.

בעסער פונ אלצ, אז מע פלעכט זיי, די נאהײַקעס אינ אכטנ. באמ עק איז נאָך גוט ארײַנפלעכטנ א דראָטל. דעמלט ווערט שוינ איינמאָל א נאהײַקע; זי איז אי שטארק אי וייך אונ אז מע גיט א פאָכע מיט איר אינ דער לופט—פײַפט זי, ווי אנ עמעסער שראפנעל.

אויסער נאהײַקעס האָב איך נאָך ליב פערד, ביקסנ, קוילנ—אלצ, מיט וואָס עס האָבנ צו טאָנ די גרויסע.

כ'מאך אפילע נאָך דאָס געגנגעלע פונעמ קאָמיסאר. וועלוול האָט א ביסלע געהונקענ. הינק איך אויך. די אָפצאסנ פונ זײַנע שטיוול זײַנענ געווענ אויסגעדרייטע. האָב איך געטאָנ אלצ, אז מײַנע אָפצאסנ זאָלנ זיך אויך אויסדרייענ. אונ איצטער גיי איך שוינ ארומ אפ אויסגעקרימטע שטיוול.

דרײַ טעג האָב איך געוועוועט אינ שטוב, קיינעמ ניט געלאָזט לעבנ אונ מע

האָט מיר געמוזט אופנייען פון א דינעם צוקער־זעקל א פאָר ברייטע הויזן גאַליפע. אין מייַנע הויזן זע איך אויס, ווי א פלעשל.

צו די דאָזיקע הויזן גאַליפע האָט מיר נאָך לייבע דער קירזשנער אוועקגעשענקט א קארטוז. איך ווייס גאָרניט, ווו ער האָט אים געפאקט. נאָר מיר איז ער זייער געפעלן. דער קארטוז איז מיט א בלוט־רויטן „אָקאָלעשעק", מיט א גרינעם געוועגטענעם פון פאָרנט, אפ וועלכן ס'איז נאָך געבליבן דער קייַלעכיקער סימען פון דער אמאָליקער קאָקארדע. וועגן דעם שווארצן גלאנציקן דאשעק וויל איך שוין גאָרניט ריידן. ס'איז שוין איינמאָל א היטל!

שלעכט איז נאָר, וואָס דער קארטוז איז א ביסל גרויס אפ מיר. כ'דארף אָנשפארן א היפש ביסל פאפיר, אז ער זאָל מיר ניט אריבערפאלן איבער די אויגן. נאָר שוין אפילע נאָכן פאפיר, דרייט ער זיך אפ מייַן קאָפּ, ווי אפ שארנירן. כ'קען גאָרניט אייַנהאלטן דעם דאשעק אפ דער מיט—אָט איז ער לינקס און אָט שטעקט ער שוין רעכטס.

אין שטוב בא אונדז איז דאָס היטל ניט געפעלן.

ווען איך בין אריַין אין מייַנע גאַליפע־הויזן, אינעם שטייענדיקן קארטוז און מיטן רויטן באנד אפן העמדל, האָט די מאמע אזש צעעפנט די אויגן פון שרעק און דער טאטע האָט אזש פארבראָכן מיט די הענט.

— גלייַך,—האָט ער געזאָגט,—זאָלסטו אויסטאָן דעם אומגליק, אויב ניט וועל איך דיר אראָפּדרייען דעם קאָפּ.

דעם קאָפּ האָט ער מיר ניט אראָפּגעדרייט, ווייַל איך בין גלייַך אנטלאָפן.

איך בין אים ניט געפעלן, דערפאר בין איך געפעלן מייַנע כאוויירים. אלע זייַנען מיר מעקאנע אפ מייַן היטל, און אלע זאָגן מיר, אז איך זע אויס זייער „סטראשנע". איך בין, געוויינלעך, זייער צופרידן דערפון.

און דאָ טאקע איז מיר אייַנגעפאלן דער געדאנק וועגן צעשיסן א באנדיט.

איינמאָל זיץ איך מיט מייַנע כאוויירים אפ די קלעצער, וואָס לעבן אונדזער שטוב. מיטאמאָל טראָגט עס מיך אופ. איך גיי ארופ אפ דער העכטער קלאָץ און, שטיקנדיק זיך פון אומגעדולד, ווענדע איך זיך צו מייַנע כאוויירים:

— בולע, סראָליק און זיאמע,—זאָג איך—מיר דארפן גלייַך צונויפרופן אלע קינדער און זיך אָנהייבן שלאָגן. מע הארגעט זיך, מע שיסט זיך, נאָר מיר גייען ארום לידיק!

מיר שטייען אין פירען: איך, בולע—א דאָרפ־יינגל, סראָליק און זיאמע—מאלקע דער נייטערנס.

כ'האָב קיינמאָל ניט געזען בא זיי אזוינע ברענענדיקע אויגן. זיי שפרינגען אזש פון פרייד. ארום איז, ווי שטענדיק, שטיל. אלע לאָדן אין שטעטל זייַנען פארמאכט. פון אלע זייַטן הערט זיך נאָר א ווייַטע שיסערייַ. די ווייַטע שיסערייַ מונטערט אונדז און פילט אונדז אָן מיט העלדישקייַט.

מיך קלייַבט מען אויס פארן עלטסטן. און ניט דערפאר, ווייַל איך בין שטארקער פון זיי. בולע קען מיך מיט איין פינגער אוועקלייגן. איך בין אויך אסאך קלענער פון זיי. מע קלייַבט מיך אָבער אויס דערפאר, ווייַל קיינער האָט ניט אזוינע שיינע גאַליפע־הויזן, אזויפיל טעלעפאָן־דראָט, קוילן און—דאָס סאמע וויכטיקסטע—אזא גוואלדיקן קארטוז.

בולע און סראָליק זײַנען פונ אײנ גאס מיט מיר. זיאמע וווינט אָבער אפ א צווייטער גאס. און ווײַל זיאמע וווינט אפ א צווייטער—האָט זיכ שיר ניט געטראָפנ דער אומגליק.

זיאמע האָט פאראטנ. שטעלט זיכ פאָר, אז ער איז אנטלאָפנ פונ אונדז און זיכ געמאכט אלײנ א קאָמפאניע.

א האלב שטעטל איז מײַנס. דאָס איבעריקע שטעטל איז זיאמעס. זײַנ מאכנע רופט זיכ באָלשעוויקעס און מיר רופנ זיכ באָלשעוויקעס. מיר רופנ זײ פעטליוראָווצעס, און זײ רופנ אונדז פעטליוראָווצעס. און מיר ווערנ אפ מעסער־שטעכ.

זיאמע טאָר זיכ ניט באווײַזנ אפ מײַנ גאס, און איכ אפ זײַנער.

פונ פארטאָג ביז אפדערנאכט טראָגנ מיר זיכ ארומ צעדראפעטע מיט אונטערגעשלאָגענע אויגנ און ארומגעבונדענע פיס. פונ פאָרנט—איכ אינעמ בלוט־רויטנ קארטוז מיט די שײנע גאָליפע־הויזנ, די קאָפּ ארומגעבונדנ מיט מארליע, ווי בא מאגידנ—און נאָכ מיר—מיט א הוראַ, מיט א פײַפערײַ—אלע קינדער פונ מײַנ גאס.

שלאָגנ—שלאָגנ מיר זיכ מיט שטײנער. נאָר אזוי־ווי קײנ שטײנער זײַנענ ניטאָ, רײַסנ מיר ארומ די וואפנע, דעמ טינק, די ציגל פונ די ארומיקע הײַזער.

אָנ דעמ טינק און אָנ וואפנע, זעענ אויס אלע הײַזער ווי מײסימ; די בײנער—זעענ די גרויע אָפּגעשלאָגענע ברעטער און דראנעצעס.

מײנט אָבער ניט, אז מיר שלאָגנ זיכ נאָר מיט שטײנער, ביקסנ האָבנ מיר אויכ. און די ביקסנ זײַנענ גאָר ניט קײנ שלעכטע.

מיר מאכנ זײ אלײנ. פונ א גראָב ברעטל שניצט מענ אויס א הענטל מיט א „לאָזשע“, אזוי, אז עס זאָל אויסזענ, ווי „אנ עמעסע ביקס“. נאָכדעמ מאכט מענ אינ דער „לאָזשע“ א קאָרעטקעלע. אינעמ קאָרעטקעלע פעסטיקט מענ גוט אײַנ א מעטאלנ רערל. אינעמ אונטערשטנ טײל רערל פײַלט מענ אויס א לעכעלע, און איר האָט שוינ א ביקס, וואָס קענ שיסנ מיטנ פולווער.

רערלעכ איז זײער גרינג צו קריגנ. לעבנ דער מיליציע וואלגערנ זיכ זײער א סאכ רעקווירירטע און צעבראָכענע בראנפנ־מאשינעס. די מאשינעס באשטײענ פונ אזעלכע פעסעלעכ, בלעכענע טעלער און, דאָס סאמע וויכטיקסטע, זײ באשטײענ פונ א וועלט מיט רערלעכ. אלצדינג נעמענ מיר צו. די רערלעכ גײענ אפ ביקסנ, און פונ די פעסעלעכ און בלעכענע טעלער מאכנ מיר פויקנ און טאצנ. אז א דרײַסיק־פערציק קינדער הײבנ אָנ קלאפנ אינ זײ, זאָגט מײַנ מאמע, אז זי וויל בעסער שטארבנ.

פולווער האָבנ מיר אויכ אסאכ. מיר האָבנ א וועלט מיט פאטראָנעס: ענגלישע, קלײנינקע מיט שפּיציקע קולן, מיט געלנ פולווער, ווי לאנגע דינינקע לאָקשעלעכ. רוסישע קולנ זײַנענ א ביסעלע גרעסער, און דער פולווער איז שוינ שווארצ און אָנגעבראָקט, ווי קלײנינקע קורצינקע שטעקעלעכ. די עסטרײַכישע איז גרינגער פונ אלצ צו דערקענען: די קויל איז ניט קײנ שפּיציקע, נאָר א טעמפּע און א פארקײַלעכיקטע, און דער פולווער איז א גלאנציק־שווארצער און איז ענלעכ צו קלײנע בלעטעלעכ. נאָר קײנ אונטערשײד איז אינ די פולווערס ניטאָ. אלע זײַנענ גוט. די קולנ דארפנ מיר ניט. די הילזעס, דארפנ מיר יאָ. מיט זײ שטאָפּנ מיר אָנ די קעשענעס, און אז מיר לויפנ, קלינגט און סע דרינזשעט...

אינ שטוב קומ איכ שטענדיק באוואָפנטערהייט. די הענט אינ די קעשענעס, דעמ קאָפּ אופגעהויבנ, מיט א געשריי אונ מיט א גוואלד:

— עסנ!!!

מײַנ טאטע הייבט גלײַכ אָנ קרעכצנ. ער האלט, אז די וועלט קערט זיכ איבער אונ אז די קינדער ווערנ מעשוגע. די מאמע שווײַגט. די מאמע איז נאָכ דארער אונ קלענער געוואָרנ, ווי געווענ. איר לינקע האנט איז אײַנגעפּאקט אינ גיפּס. בא ארלענ, זאָגט דער דאָקטער, וועט מענ דארפנ אָפּשנײַדנ דעמ פוס.

ארל רופט מיכ צו צו זיכ. ער זאָגט צו מיר, אז איכ האלט זיכ זייער ניט שיינ... עפּעס וויל ער מיר נאָכ זאָגנ, נאָר זײַנ פּאָנעמ ווערט אזש אויסגעקרימט פונ ווייטעק, זײַנ בלייכ אויסגעדארט געזיכט גיט זיכ א וואָרפ אפ דער קישנ. סע מאטערט אימ שרעקלעכ די וואונד.

אינ שטוב איז פינצטערלעכ אונ אומעטיק. אזוי אומעטיק, אז סע ווילט זיכ אזש וויינענ.

— ארל,—רופ איכ.

ארל שווײַגט.

אונ דער פעטער מענאשע שפּײַט שוינ. ער זאָגט, אז מע דארפ מיכ בעסער סאמענ, איידער איכ זאָל אזוי אויסוואקסנ.

מײַנ מאמע צעשרײַט זיכ אפ אימ, אז ער זאָל איר אופהערנ זאלצנ אפ די וואונדנ. איכ בינ מיט איר אינגאנצנ מאסקימ. ווענ מײַנ פעטער מענאשע זאָל ניט זײַנ קיינ אלטער ייִד, נאָר זײַנ אינ מײַנע יאָרנ, וואָלט איכ אימ איצטער שטארק געשלאָגנ, געהארגעט. ווײַל מיר איז עפּעס זייער שלעכט אונ איכ בינ זייער הונגעריק.

איכ גיי ארויס אינ דרויסנ. איכ זעצ זיכ אוועק אפ די קלעצער, אינ גאס איז שטיל. איכ בינ שרעקלעכ בייז.

לעבנ אונדזער שטוב שטייט א כאזער. כ'קלאפּ אימ גלײַכ אונטער א פּיסל. ער קוויטשעט אונ איכ בינ צופרידנ, ווײַל איכ בינ בייז אונ איכ וויל עסנ.

מיטאמאָל גיט מיכ עפּעס א הייב פונעמ אָרט. כ'דערהער, ווי פונדערווײַטנ קלאפּנ די טאנצנ פונ מײַנע כאווײרימ. דאָס בלעכ קלינגט אינ דער שטילקײַט אונ פילט מיכ אָנ מיט העלדישקײַט. באלד באווײַזנ זיכ די קינדער.

בולע, סראָליק אונ נאָכ קינדער פירנ צו מיר זיאמענ. זיי האָבנ אימ געכאפּט אפ אונדזער גאס. ער איז בעגאנגענ אינ אפּטייק נעמענ א רעצעפּט פאר זײַנ מאמענ.

איצטער שטיי איכ אויג אפ אויג מיט מײַנ „סוינע“.

מײַנ סוינע איז א קליינינקער אונ א גראָבינקער. ער הונגערט פּונקט ווי מיר, נאָר זיאמע איז ווי א קלעצל, אונ זײַנע בעקלעכ זײַנענ ווי פּאמפּעשקעס.

ניט קוקנדיק מיר אינ פּאָנעמ, בעט ער, אז איכ זאָל אימ אָפּלאָזנ גיכער אינ אפּטייק, ווײַל זײַנ מאמענ איז זייער שלעכט.

אינ וועלדל!—גיב איכ א געשריי—ער איז א פּעטליוראָוועצ!..

איכ גיי פונ פאָרנט אונ פּאָכע מיט דער נאהײַקע. פונ הינטנ גייענ די יאטנ אונ קלאפּנ אינ די טאצנ. זיאמע רעוועט אפ א קאָל. איכ הייסט אימ שטיל ווערנ.

— טאקע א פּעטליוראָוועצ! באָלשעוויקעס וויינענ ניט—שרײַ איכ צו אימ.

מיר גייענ, טרינקענדיק זיכ אינעמ הויכנ לאָנקע־גראָז. ארומ אונ ארומ קוואקענ פרעש אינ די סאזשלקעס. אינ דער פארנאכטיקער לופט שווימט ארומ א ציטערנדי־קער געוויינ פונ פליגעלעכ אונ קאמארנ.

מיר גייענ ארײַנ אינ וועלדל.

דאָס קליאָנענ־וועלדל איז א יונגס אינ א געדיכטס. אינ די זוניקסטע טעג איז דאָ טונקל אונ קיל. מיר גייענ איצט בײַ א שמאָל שלענגלדיק סטעזשקעלע, וואָס פירט ארויס צומ נאָענטנ שאָסיי.

דאָ, טאקע אינעמ זעלבנ וועלדל, האָט מענ צעשאָסנ וועלוול כאָדאָרקאָוו...

די צווײַגנ פלעכטנ זיכ איבער אונ דראפענ דאָס פּאָנעמ. די ערד איז נאס, פוכקע אונ קוויטשעט, ווי א יונג הינטעלע, אונטער אונדזערע פיס. מיר פירנ צו זיאמענ צו יענעמ ביימל, וווּ ס׳איז נאָכ אפילע פארבליבנ דאָס לעכל פונ דער קויל.

מײַנע כאווירימ—סראָליק אונ בולע—ווערנ שטיל. מיר קוקנ אפנ בוימ אונ סע ווערט זייער אומהיימלעכ. זיאמע רעוועט נאָכ העכער.

— וויינ ניט!—זאָגט צו אימ בולע,—מע גייט, דאכט זיכ.

אונ באלד טאקע דערהערנ מיר טריט. מיטנ שמאָלנ שלענגלדיקנ סטעזשקעלע דער־זעענ מיר דערנעענטערנ זיכ מענטשנ, אינ עטלעכע רעגעמ ארומ דערקענענ מיר גאָלדע כאָדאָרקאָוו (טאקע וועלוול כאָדאָרקאָווס שוועסטער). מיט איר אינײנעמ גייענ עטלעכע אומבאקאנטע רויטארמייער. זיי קערנ זיכ, ווײַזט אויס, אומ פונ פראָנט.

גאָלדענ קענ איכ זייער גוט. זי איז שוינ לאנג פונ שטעטל. זי איז נאָכ פאר ארלענ אוועקגעגאנ.

דערהערט שטימענ אינ וואלד, דערשרעקט זיכ, ווײַזט אויס, גאָלדע, בלײַבט שטיינ, קוקט ארויס צו אונדז פונ הינטער א בוימ.

— סע איכ—אָשער—גיב איכ א געשריי צו איר.

— אָשערל, א געזונט אינ דיר—דערפרייט זי זיכ אונ לויפט ארויס פונ הינטערנ בוימ.

זי באווײַזט זיכ לעבנ אונדז א באָרוועסע. אירע שיכ אפ קולקעס, זײַנענ צו־נויפגעבונדנ מיט א בענדל, אונ אריבערגעוואָרפנ איבערנ אקסל.

— פרעקראסנא,—גיט זי זיכ א דריי צו די רויטארמייער,—אונ נאָכדעמ ווענדט זי זיכ צו אונדז:—באָלשעוויקעס אינ שטעטל?

— באָלשעוויקעס—ענטפער איכ.

— איז וואָס טוט איר דאָ אזוי שפעט? פארוואָס איז בא דיר אזא פארוויינט מאָרדעטשקעלע? גיט זי א הייב אונטער זיאמעס פּאָנעמ?

— ער איז א באנדיט—לויפ איכ ארויס—א פעטליוראָוועצ!—שרײַ איכ.

— אליינ א פעטליורעוועצ—צערעוועט זיכ זיאמע.

— וואָ־אָ?—צעלאכט זיכ גאָלדע אזוי שטארק, אז די אויגנ ווערנ בא איר שמאָ־לינקע אונ טרערנ באווײַזנ זיכ אינ זיי.

מיר וויסנ ניט פארוואָס זי לאכט. נאָר מיר אלע קענענ זיכ ניט אײַנהאלטנ.

זי הייבט אָנ ריידנ צו די רויטארמייער אפ רוסיש. דערציילט זי זיי, וואָס כ׳האָב געשריִענ. זאָגט, אז מע דארפ זיכ נעמענ צו די קינדער. זיי צונויפרופנ אינ רעוו־קאָמ...

גאָלדע זעצט זיך אוועק אַפ אַן אומגעוואָרפענעם בוים. זי נעמט אַראָפ דעם רוק־זאַק, נעמט ארויס א פּאָר זאָקן. טוט אָן די שיך מיט די קולקעלעך, בויגט אַראָפ די קאָפּ צו די פיס. די האָר פאַלן איר אַריבער:

— איז טײַערינקע—נעמט זי גלײַך פאַרקעמען די האָר—איז אַינ שטעטל, הייסט עס, שטיל?—רעדט זי קוים דורך די ציין, ווײַל זי האָט אַרײַנגענומען דאָס קעמל אין מויל.

די רויטאַרמייער זעצן זיך אויך צו. גאָלדע האַלט זיך אין איין פּוצן. אין וועלדל איז שטיל און פינצטערלעך. די קרוינען פון דיביימער וויגן זיך. א ווײַטער טלאָען־קלאַפּ דערטראָגט זיך צײַטנווײַז פונעם שאָסיי, און ווי אַלעמאָל הערט זיך א חײַטע שיטערײַ.

— איז לאָשן! דרייט זיך אויס צו מיר גאָלדע—עפּעס נײַס! אפילע פּעטליוראָוו־צעס ניט געווען?

כ'קוק אַפ איר און כ'מיין, אַז זי לאַכט.

— אָ־אָ וויפל! כאַפּט אויס זיאַמע—און געהאַרגעט...

— נאָך א מין!—ווער איך צופרידן, וואָס גאָלדע דערפרעגט זיך בא מיר. איך שטופּ אָפּ זיאַמען:

— זיאַמעס ברודער—שרײַ איך—און דעם קאָמיסאַר וועלוול כאָדאָרקאָוו...

כ'האָב זיך אַליינ גאָר פאַרגעסן.

כ'לויף צו צום הויכן גרויען קליאָן־בוים, צו וועלכן מע האָט וועלוולען צוגע־בונדן. איך ווײַז אָן אַפּן לעכל פון דער קויל, וואָס האָט וועלוולען געהאַרגעט, און אַפּ די סימאָנים פון בלוט, וואָס זײַנען נאָך פאַרבליבן אַפּ דער קאָרע.

גאָלדע כאָדאָרקאָוו ציטערט אויף. אירע גרויסע צעעפנטע אויגן ווערן מיטאַמאָל פול און פאַרטרערט.

— אָט דאָ, זאָגסטו? האַ?

זי גייט צו צום בוים, שפּאַרט זיך אָן אין אים, דעקט צו מיט דער האַנט דאָס פּאָנעם.

א קאָסער פאַרנאַכטיקער זון־שטראַל רײַסט זיך דורך דורך די צווײַגן און פאַלט אַפּ אונדז. דער שטראַל איז פול און פול מיט דינע שטויבעלעך. די רויטאַרמייער שטייען מיט אַראָפּגעלאָזטע, אַנטבלויזטע קעפּ. מיר כאַפּן אויך אַראָפּ די היטלען.

גאָלדע וויינט, דאַכט זיך. כ'זע גאָר, ווי ס'ציטערן איר די אַקסלען, און זי נורעט זיך אין שאַלעכל...

עס ווערט מיר עפּעס שרעקלעך־שרעקלעך. כ'גיי צו נעענטער צו גאָלדען. כ'וויל איר זאָגן, אַז מער וועל איך זיך שוין אַזוי ניט פירן.—כ'לייג אַרום זיאַמען די האַנט אַפּן אַקסל. מיר זאָגן זיך גאָרניט.

ניט אומקוקנדיק זיך אַפּ קיינעם לאָזט זיך גאָלדע אַפריער. מיר גייען נאָך איר. מיר גייען צום שטעטל. א גרויסע רויטע שטיק לעוואָנע גייט אויף פון יענער זײַט לאָנקעס.

אַן אַלטער הויכער רויטאַרמייער פירט מיך פאַר דער האַנט. הינטער מיר גייט סראָליק, זיאַמע, בולע. אַרום איז שטיל און פינצטער.

כ. ווײַנערמאַן

# פרילינג

1

ווי שײנ איז אונדזער פרילינג אינ די בערג,
מײַנ גוטער פרײַנט, דו שײנע, אפ דער ערד.

דער הימל זיכ אופגעהויבנ הויכ,
די ערד האָט זיכ געעפנט מיט א רויכ,

די ליבע זונ פארטראָטנ האָט דײַנ שוועל,
די שפּראָצונג האָט באוויזנ זיכ אינ פעלד...

ווי שײנ איז איצט דײַנ פרילינג אפ דײַנ ערד,
די וואסער־פאלנ רוישנ אינ די בערג,

אזויפיל קוואלנ לעבנ אופ אינ וואלד,
אזויפיל נעסטנ ארומ יעדנ קוואל,

אפ יעדער צווײַגל הערט מענ זינגענ לאנג,—
געקומענ זײַנענ צײַטנ פאר געזאנג...

2

ווי שײנ איז הײַנט דער פרילינג אינ דײַנ שײַנ,
ווי שײנ ביסטו אינ פרילינג דײַנעמ, פרײַנט.

צומ בארג, צומ הויכנ, אונ צומ גרינעמ טאָל,
פארגלײַכ איכ דיכ, מײַנ שײנע, יעדנ מאָל.

אינ שלאנקער ליפע כ'זע דײַנ שלאנק געשטאלט,
דײַנ פרישקײַט פיל איכ אינעמ פרישנ קוואל,

אינ יונגער סאָסנע כ'זע, ווי יונג דו ביסט,
אינ שטאָלצנ טאָפאָל כ'זע, ווי שטאָלצ דו ביסט,

באַם ראָזנ מאָרגנ־שטערנ כ'פיל קאיאָר,
פונ ליפּנ דײַנע טריפט דאָס שײנע וואָרט,

דײַנ קראַפט איז הײס אונ שטראָמט אינ בלוט ווי ווײַנ,
ווי שײנ ביסטו אינ פרילינג דײַנעם, פרײַנט.

3

דו האָסט באַהאַרצט מיכ אונ באַפליגלט גרינג,
אינ פרילינג דײַנעם שטײסטו איצט אונ זינגסט,

דער פרילינג גרינט אינ ווײַנגאָרטנ באַ דיר,
דער ווײַנשטאָק בליט אַ העלער באַ דײַנ טיר,

דער מאָרגנ קומט מיט זונ אַפ יעדנ בײט,
אונ ס'קוקט אַפ דיר אינ לײַכטנ צוואָג די קווײט,

אונ יעדער צווײַגל נויגט פאַר דיר זיכ צאַרט,
אונ יעדער בלאַט ציט אויס פאַר דיר דאָס האַרצ,

אונ יעדער זינגענדיקער פויגל אינעם פעלד
לאָזט זיכ מיט געזאַנגענ צו דײַנ שוועל...

...נו, נעמ אויכ אופ, מײַנ גאָב אינ אָוונט־טוי,
דו, וואָס טראָגסט דעמ צאַרטסטנ נאָמענ: פרוי.

4

דו האָסט באַהאַרצט מיכ אונ באַהעלט מיט שײַנ,
ווו האָב איכ ניט באַגעגנט דיכ, מײַנ פרײַנט?

ווענ דו אינ טײַגע האָסט געבלאָנדזשעט אונ געפרירט,
כ'האָב טויזנט שײַטערס אויסגעלײגט פאַר דיר.

אַלע בײזע שטורעמס איכ פאַרצאַמ,
זאָלסט פירנ פרײַ דײַנ שיפ אינ אָקעאַנ,

זאָלסט זינגענ הויכ אַפ הויכנ פונ פאַמיר,—
ווײַט אינ טונדרע, טויזנט ווערסט פונ אַנאַדיר,

אינ אַלע טראָפּיקעס, ווו דו גײסט שטאָלצ,
אונ טראָגסט די גרויסע ליבע צו דײַנ פאָלק.

5

ווער גייט עס אופ אצינד אין זונ־פארגאנג,
גערויטלט, שלאנק, אין ליבלעכקייט דער גאנג?—

דאָס ביסטו דאָך, דאָס ביסטו דאָך, פריינט,—
שווארצער פעך פונ אויג און העלער בלאָנד פונ ליינ,

דאָס ביסטו דאָך, דאָס ביסטו דאָך, פרוי.
הויב אופ, מיינ פריינט, דיינ שטים און זינג אזוי...

„אינ אלע בלויע הימלענ פלי איך פלינק,
אינ אלע ווייטע יאמענ שווים איך גרינג,

אינ אלע ווילדע קאנטנ טראָג איך קריג,
אינ אלע הייסע שלאכטנ ברענג איך זיג,

אינ אלדאָסגליקלעכע מיינ אָטעם קלינגט"...
„הויב העכער נאָך, ביינ פריינט, דיינ שטים און זינג!..

6

...גאנצ ביסטו מיט דיינ נעשאָמע, פריינט,
אונ גאנצ מיט דיינ געפיל אינ פרילינג-שיינ,

איז קום ארויס, איז איל מיט מיר אינ פעלד,
אונטער זונ פונ אונדזער פרילינגדיקער וועלט.

וו יעדער בוים איז אָנגעגאָסנ רייפ,
וו יעדער בלום איז אָנגעגאָסנ שטייפ,

סע ארט מיך ניט, וואָס דו ביסט שווארצ אזוי...
די זונ האָט אָפגעברענט דיינ לייב, אָ, פרוי!..

7

איז זאָלנ איצטער קומענ געסט, מיינ פריינט,
ס'וועט יעדער גאסט א גרויסער גאסט אונדז זיינ,

מיר וועלנ זאָגנ זיי, זאָל זיינ גערומט
א יעדער וואָס צו אונדזער פרילינג קומט.

מיר וועלן זאָגן זיי,—די צווײַג איז פריש,
מיר וועלן זאָגן זיי,—די פרוכט איז זיס.

נו, עסט, כאַווייִרים מײַנע, טרינקט איר פרײַנט,
ס'איז אײַער פרײַנטשאַפט שטאַרקער נאָך פון ווײַן.

8

דו האָסט באַהאַרצט מיך און באַפליגלט גרינג,
אין פרילינג דײַנעם שטיי איך איצט און זינג.

אָ, לעבן, גיב מיר קראַפט און גײַסט וואָס מער,
כ'זאָל אייביק ליב האָבן די פרײַע ערד,

די גרינע שפּראָצונג און דעם פרישן קוואַל,—
און קיינמאָל, קיינמאָל גאָר ניט ווערן אַלט.

אָ, לעבן, גיב מיר פרייד און גרויסע קראַפט,
כ'זאָל קאָנען אויסוועבן דעם שענסטן האַפט,

די שענסטע ליד אין בילד, דעם שענסטן קראַנץ,
פאַר אונדזער פרילינג וואָס איז הייליק, גאַנץ,

פאַר אונדזער ליבע וואָס איז זוניבער-ריין,
און שטאַרקער, שטאַרקער פונעם טויט אַליין.

א. פיאטיגאָרסקע

# דער זייגער

דער אַלטער זייגער אַף דער וואַנט
מײַן קינדהײַט האָט מיר איצט דערמאָנט.
ס'איז זײַן שאַכטל ביליק, פּראָסט,
נאָר אַף זײַן אומרו פֿאַלט קיין ראָסט,
צענדליקער שוין יאָר ער שפּאַנט,
צוגעשמידט צום פּלאַך פֿון וואַנט.

ער פֿלעגט אָנזאָגן דעם טאָג,
און א קראַפּט ער האָט פֿאַרמאָגט:
מעג דער שלאָף זיך זײַן ווי זיס—
זײַן טיק־טאַק שטעלט אַף די פֿיס.
טוט ער זיבן מאָל א שלאָג,
הויבט מײַן פֿאָטער אָן זײַן טאָג.

ס'האָבן ווײַזערס זיך גערוקט,
און מײַן מוטער האָט געקוקט,
האָט געוואַרט אַף ליבע געסט,
אַף די קינדער אין איר נעסט,
האָט אין גאַס אַרויסגעקוקט,
ווײַזערס האָבן זיך גערוקט.

זײַנען יאָרן פֿיל פֿאַרבײַ
ס'גייט דאָס לעבן אָפּדאָסנײַ,
און דער זייגער אַף דער וואַנט,
און מײַן קינדהײַט מיר דערמאַנט
און אין די, וואָס לאַנג פֿאַרבײַ...
ס'גייט דאָס לעבן אָפּדאָסנײַ. .

ז. ווענדראָפ

# צעזאר און נעראָן

1

איך און מײַנ בעסטער כאווער נאָטקע דער אלמאָנעס האָבנ בעשוטפעס געהאָדעוועט א הונט. דאָס איז געווענ א געוויינלעכער גאסנ־הונט אָנ א היים און אָנ א נאָמענ, וועלכנ מיר האָבנ, מיט שטיקלעכ ברויט און אָפּגעגריזשעטע ביינער, פארנאַדיעט צו אונדז אינ הויפ. אונדזער ערשטע זאָרג איז געווענ—א נאָמענ פארנ הונט. נעמענ פונ הינט האָבנ מיר געוווסט אסאך: ר י ז ש י ק, ש א ר י ק, ז ש ו ט ש אָ ק—פאר קליינע הינטלעכ,—ב א ר ב אָ ס, פ אָ ל ק א נ, ט ר ע ז אָ ר—פאר גרויסע הינט. אָבער הינט מיט אזעלכע נעמענ זײַנענ אפ אונדזער גאס און אינ די שכיינעסדיקע געסלעכ געווענ שוינ ניט ווייניק, האָבנ מיר ניט געוואָלט אָנרופנ אונדזער הונט מיט איינעם פונ די זעלביקע נעמענ. אנעוו, האָבנ מיר געבויט גרויסע פלענער און געהאט גרויסע אויסזיכטנ אפ אונדזער הונט, און אונדז האָט זיכ געוואָלט אָנרופנ אים מיט א נאָמענ, וואָס זאָל אימ אויסצייכענענ פונ אלע אנדערע באקאָנטע הינט. נאָכ א לאנגנ יישעווהאדאס איז בא אונדז געבליבנ מיר זאָלנ אים אָנרופנ צ ע ז א ר—א נאָמענ נאָכ א געלערנטנ הונט פונ א וואנדערדיקנ צירק, וואָס האָט ניט לאנג צוריק גאסטראָלירט בא אונדז אינ שטאָט.

די ערשטע צײַט האָט אונדזער נײַער קעסטניק—א היימלאָזער, הונגעריקער הונט מיט א האלב־אויסגעקראָכענער פעל און מיט אייטערדיקע אויגנ־קיינ שום צוטרוי צו אונדז ניט געהאט. א כאפ געטאָנ די סקאָרינקע צי די ביינ, וואָס מיר האָבנ אים צוגעוואָרפנ און, וואָרטשענדיק, אנטלאָפנ דערמיט אינ א פארבאָרגנ ווינקל. גריזשענדיק די ביינ, האָט ער פונ אונדז קיינ אויג ניט אראָפּגעלאָזנ, גרייט זײַענדיק צו אנטלויפנ באם ערשטנ צייכנ פונ געפאר, ניט גלויבנדיק, אפאָנעם, אז עס קאָנ געמאָלט זײַנ אימיצער זאָל צוווארפנ א ביינ, ניט נאָכווארפנדיק נאכהער א שטיינ. נאָר ביסלעכווײַס האָט ער באקומענ מער צוטרוי צו אונדז. און ווענ ער האָט זיכ איבערצײַגט, אז מיר זײַנענ גוט מיט אים, איז ער אינגאנצנ צוגעבונדנ געוואָרנ צו אונדז. ער האָט אָנגעהויבנ נאָכגיינ נאָכ אונדז פוס־טריט און אפ אלערליי אויפאנים ארויסווײַזנ זײַנ הינטישע געטרײַקײַט. דאנ זײַנענ מיר צוגעטראָטנ צו פארווירקלעכנ אונדזער גרויסנ פלאנ. מיט דער הילפ פונ שטיקלעכ צוקער, אָפּגעשפּאָרט פונ זיכ אליינ, האָט נאָטקע מיט גרויס געדולד, געלערנט צעזארנ אלערליי קונצנ: שטיינ אפ

די הינטערשטע פיס, כאַפּן שטיקלעך צוקער פון דער אייגענער נאָז, שפּרינגען דורך רייפן, ליגן ווי א געפּייגערטער, זיצן פאַר א ביין און ניט אָנרירן עס ביז נאַטקע וועט אים דערלויבן, אַראָפּרײַסן דאָס היטל פון נאַטקעס קאָפּ, טראָגן א שטעקל צווישן די ציין און נאָך אַזעלכע שטיק, וועלכע מע האָט געקאָנט אויסלערנען אפילע א גאַסן־הונט.

אויסגעדרעסירט צעזאַרן קימאַט אזוי גוט, ווי דעם געלערנטן הונט פון צירק, האָבן מיר באַשלאָסן עפענען בא אונדז אין שטאַל אן אייגענעם צירק. די פּרײַז פאַר א בילעט האָבן מיר באַשטימט איין קאָפּיקע. ווער ס'וועט ניט פאַרמאָגן קיין מעזומענע קאָפּיקע, איז קנעפּלעך אויך געלט. ווי עס זאָל ניט זײַן,—קיין געלט אָפּ קאַנדל-צוקער און מאָנעלעך וועט אונדז שוין ניט פעלן—זײַנען מיר זיכער געווען.

אונדזערע גרויסע פּלענער און האָפענונגען זײַנען פאַרווירקלעכט געוואָרן בלויז אָפּ א העלפט: קנעפּלעך האָבן מיר געליזט לאָרויוו, נאָר מעזומענע קאָפּיקעס—זייער ווייניק.

די ראָלן אין נײַ־געעפענטן צירק האָבן מיר מיט נאַטקען אײַנגעטיילט צווישן זיך אזוי: איך בין געווען צירק־דירעקטאָר, אַקראָבאַט און פּאָיאַסניק. נאַטקע—כאַיעס־צוימער און זשאָנגלער.

איך בין געשטאַנען באַם אַרײַנגאַנג אין צירק און אָפּגענומען די קאָפּיקעס און קנעפּלעך—מער קנעפּלעך, ווי קאָפּיקעס—צעזעצט, ריכטיקער—צעשטעלט דאָס „פּובליקום" אָפּ די ערטער, בײַם דער פאָרשטעלונג—געבראָכן זיך אָפּ דער טראַפּעציע—אונדזער פאַרעטע וואַלגער־האָלץ צעבונדן מיט צוויי שטריקלעך צום באַלעק געגאַנגען אָפּ די הענט, געשטאַנען אָפּן קאָפּ, אָנגענומען א פולן מויל מיט גאַזע און געשפּריצט דערמיט אָפּ א ברענענדיקן פּאַפּיר, געהאַלטן א פּאַפּיראָס מיטן פאַרויכערטן זײַט אין מויל און געבלאָזן דעם רויך „פון מויל, פון נאָז און פון די אויערן". נאַטקע האָט זשאָנגלירט מיט א שטעקל אָפּן שפּיץ פינגער און אָפּן צאָן, געוואָרפן דרײַ פּילקעס און קיין איינע ניט געכאַפּט און, דער איקער—געוויזן קונצן „מיט א געלערנטן הונט און מיט אַנדערע ווילדע כאַיעס".

מײַן פּראָגראַם האָט קיין גרויס דערפאָלג ניט געהאַט, ווײַל יעדערער פונעם „פּובליקום" האָט געקאָנט באַווײַזן די זעלביקע קונצן און מער, נאָר נאַטקע מיט זײַן געלערנטן הונט האָט אַרויסגערופן גוואַלדיקן בײַפאַל.

איינמאָל, אין רעכטן ברעג פון א פאָרשטעלונג, בײַם איך בין געשטאַנען אָפּן קאָפּ און גערדריגעט מיט די פיס, וואָס האָט, ווי דער דירעקטאָר האָט נאָר וואָס געמאָלדן, געדאַרפט פאָרשטעלן, ווי „איך רײַט אָפּ א פערד, שטייענדיק מיטן קאָפּ אַראָפּ",—איז אין צירק מיטאַמאָל מאָדנע שטיל געוואָרן. גלײַך נאָכדעם האָב איך דערפילט, ווי אימעצער ציט מיך פאַר א פוס צו דער ערד.

מײַן ערשטער געדאַנק איז געווען, אז דאָס איז א פּלוצלינגער איבערפאַל פון ליפּע־די־ליפּ—מײַן ערגסטן סוינע, מיט וועלכן מיר פירן אן אייביקע מילכאָמע. האָב איך אַרויסגעלאָזן אונדזער קריגס־רוף:

— הע‏י, דראַסאַ! דעקט אים מיט זײַן כעוורע! נאַטקע, רײַס אָפּ זיי אָן צעזאַרן!

מײַנ כאיעל האָט זיכ ניט אָפּגערופנ. אונ אזוי װי איכ בינ שוינ געלעגנ מיטנ פּאָנעם צו דער ערד אונ מײַנ סוינע האָט מיכ געהאלטנ פארנ קארק, האָב איכ געביטנ די קריגס־טאקטיק.

— ליפּע־די־ליפּ, לאָז אָפּעס, גוט־כאווער! מיר מאכנ שאָלעמ!

— איכ'ל דיר געבנ, הולטײַ דו אײנער! איכ'ל דיר װײַזנ װי צו קריכנ אפ די גלײַכע װענט אונ כאטערנ גאנצענע טעג אפ גאָרנישט!

דאָס מאָל בינ איכ אופגעשפרונגענ מיט דער פלינקײַט פונ אנ עמעסנ אקראָ־באט. פאר מיר איז געשטאנענ ניט ליפּע־די־ליפּ, נאָר מײַנ טאטע. זײַנ בליק האָט מיר קײנ גוטס ניט פארשפּראָכנ.

— סי—סי... סי ניט איכ... סי ניט מײַנ קאָמעדיע... ניט מײַנ הונט... סי נאָטקעס...

— קום, קום, שײגעצ דו אײנער! איכ'ל דיר װײַזנ װי צו שפּילנ זיכ מיט הינט! די הויט װעל איכ פונ דיר אראָפּשינדנ, באָד־יונג װאָס דו ביזט! װעסט בא מיר צװײ װאָכנ נאָכאנאנד ניט קאָנענ זיצנ אפנ געזעס, װעסטו בא מיר ניט... אונ דײַנ פארשיװנ הונט װעל איכ נאָכ הײַנט איבערגעבנ עליע קאלעקו, ער זאָל פונ אימ די פעל אראָפּשינדנ.

בענויגײע מײַנ הויט האָט דער טאטע געהאלטנ װאָרט, נאָר בענויגײע מײַנ הונט האָט ער זײַנ סטראשונעק ניט געקאָנט אויספירנ: נאָכ אײדער ער האָט באװיזנ ארומקוקנ זיכ, איז פונ נאָטקענ מיטנ הונט אונ פונמ גאנצנ „פובליקומ" קײנ זײכער אינ צירק ניט געבליבנ.

נאָכ אזא דורכפאל האָבנ מיר מער ניט געקאָנט האלטנ דעמ הונט בא אונדז אינ הויפ, האָבנ מיר אימ איבערגעפירט צו נאָטקעס מאמענ אפנ גאָרטנ, אינ דעמ שטרויענעמ בײַדל, אינ װעלכער נאָטקע מיט זײַנ עלטערנ ברודער צאליע האָבנ גענעכטיקט, אָפּהיטנדיק דעמ גאָרטנ פונ גאנאָװימ.

נאָטקעס מאמע, לײע די אלמאָנע, האָט פונקט אזוי ליב געהאט הינט, װי מײַנ טאטע, אָבער ארומקריגנ זיכ צוליב דעמ מיט נאָטקענ האָט זי קײנ צײַט אונ קײנ קויעכ ניט געהאט. דער קאָפּ האָט איר קעסײדער געדארט פונ זאָרג: װי זעטיקט מענ אָנ „זעקס עסער מיט קישקעס אָנ א דעק". אגעװ, איז דער צענ־יאָריקער נאָטקע שוינ געװענ א שטיקל מאנצביל אינ שטוב: ער האָט געהיט דעמ גאָרטל, ארויסגעטראָגנ קוישנ גרינס אינ מארק, געהאָלפנ אינ שטוב,—האָט די מאמע ניט געקאָנט פירנ מיט אימ מילכאָמעס צוליב א הונט.

— זאָלסטו אזוי קויעכ האָבנ צו לעבנ, װי איכ האָב קויעכ צו װאָיעװענ מיט דיר, היצעל דו אײנער!—דאָס איז געװענ אלצ, װאָס זי האָט געזאָגט, װענ זי האָט צומ ערשטנ מאָל דערזענ צעזארנ בא זיכ אפנ גאָרטנ.

— װאָס ארט דיכ, מאמע, ער װעט אונדז היטנ דעמ גאָרטנ,—האָט זי נאָטקע בארויקט.

— היטנ זאָל איכ שוינ די נעשאָמע דײַנע, טרײפענע בײנ דו!

דערמיט האָט זיכ איר פראָטעסט געענדיקט. צעזארנ אלײנ האָט זי ניט אָנגע־רירט. אדראבע, װענ איר הארצ איז איר ניט געװענ שטארק פארביטערט, האָט זי אימ אָפּטמאָל צוגעװאָרפנ א פּיצל ברויט אָדער א טרוקענע טשאָלנט־בײנ.

2

נאָסקע האָט געלערנט צעזארן נײַע קונצן און מיר האָבן געוואַרט אפ בעסערע צײַטן, ווען מיר וועלן ווידער קאָנען עפענען א צירק און פארדינען געלט און קנעפּלעך. אָבער, אפּאָנעם, ניט באשערט געווען אונדז האָבן נאכעס פון צעזארן, און צעזארן—אויסלעבן זײַנע רעשטל הינטישע יאָרן, ווי א לײַטישער הונט.

אין איינעם א הייסן זומערדיקן פרײַטיק באַטאָג, נאָך וואָס באפרײַט זיך פון כיידער, האָבן מיר, איך און נאָסקע, גענומען צעזארן און אוועק צום טײַך אפ די „קאָלאָניעס" באָדן זיך.

גיין אפ די „קאָלאָניעס" איז פאר יידישע יינגלעך פון אונדזער גראד געווען א רעכטע אײַנשטעלעניש: צו די „קאָלאָניעס" האָט מען געדארפט דורכגיין דורך דער סאדאָווער גאס—די פריצישע גאס, אפ וועלכער עס האָט געוווינט נאטשאלסטווע פון שטאָט: דער איספראווניק, דער מיראָוואָי סודיא, דער סמאָטריטעל פון אָסטראָג, דער גלאוונער אקציזניק, דער מארשאלעק דער זעמסקי נאטשאלניק, דער קאזנאטשיי, דער דירעקטאָר פון גימנאזיע און אנדערע „גרויסע לײַט" און פריצים. דאָ, אפ דער סאדאָווער גאס איז אויך געווען די „אוטשעניטשעסקע קוואַרטיר", די צוזאמענוווינונג פאר גימנאזיסטלעך. באלד נאָך דער סאדאָווער גאס האָבן זיך אָנגעהויבן די „קאָלאָניעס"—עטלעכע שטילע, זאמדיקע, אין סעדער אײַנגעטונקטע געסלעך, וווּ עס האָבן געוווינט—יעדערער אין זײַן שטיבל מיט זײַן גערטנדל, מיט זײַן הינטל און מיט זײַן קאנאריקל אין שטײַגל—קליינע טשינאָווניקלעך, אלטע פענסיאָנערן, פאראָרעמטע אלטע פריצטעס און אנדערע „אָרעמע, אָבער נאָבעלע" לײַט.

יעדן יידיש יינגל—סײַדן ער האָט געטראָגן א גימנאזיסטיש היטל מיט א הערב, אָדער ער איז געווען א באקאַנט גויריש קינד,—האָבן די גימנאזיסטלעך פון סאדאָווער גאס און די „שקאָצים" פון די „קאָלאָניעס" באטראכט פאר זייער סוינע און ווי א סוינע אים באגעגנט: אָנגערייצט אפ אים הינט, פארוואָרפן מיט שטיינער, אין בעסטן פאל—באוויזן אים א כאזערשן אויער און נאָכגעשריען אים: „זשיד כאלאַמיי, האמענע אוכאָ!"

און נאָר דרייסטע יאטן, וואָס זײַנען שטענדיק גרייט געווען צו צונעמען און צוריקגעבן א קלאפּ, האָבן זיך אײַנגעשטעלט צו גיין באָדן אפ די „קאָלאָניעס", ווייניקער אײַנגעשטעלטע האָבן זיך געמוזט באנוגענען מיט באָדן זיך אפ זאַרעטשיע אינטערן בריק, וווּ דאָס וואסער איז געווען ניט אזוי טיף און ניט אזוי ריין, ווי אפ די „קאָלאָניעס".

אונדזער כעוורע, אונטער דער אָנפירונג פון אונדזער „קייסער" פישקע-בלינדעקישקע, האָט זיך קיינמאָל ניט געלאָזט אָפּשרעקן פונעם סוינע. מיר האָבן געפירט אן אייביקע מילכאָמע אפ ביידע פראָנטן—אי מיט די גימנאזיסטלעך און פריצישע זינדלעך פון דער סאדאָווער גאס, אי מיט די „שקאָצים" פון די „קאָלאָניעס". און די שלאכטן האָבן ניט שטענדיק געענדיקט זיך מיט אונדזער מאפּאָלע.

איצט, מיט צעזארן לויפנדיק פאָרויס, זײַנען מיר, איך און מײַן כאווער נאָסקע, „געגאנגען ווי אפ אן אײַזערנעם בריק: אָהאָ, זאָל נאָר ווער פּרוּוון פארטשעפּען

אונדז, וועלן מיר זיי וויַיזן ווער מיר זייַנען! צעזאר וועט זיי די העלדזער איבער־גריזשען!

אָבער דאָס מאָל האָט די געפאר געלויערט אפ אונדז פון א גאנץ אנדער זייַט, פון וואנען מיר האָבן זי גאָרניט דערוואַרט.

צעזאר איז געלאָפן פאָרויס, אלע ווייַלע ארומקוקנדיק זיך אהינטער, ווי ער וואָלט אונדז אייַנגעלאדן: גייט גיכער, אייַלט זיך צו. דאָ איז אזוי הייס און שטויביק, און דאָרטן וואַרט אפ אונדז דער טייַך און שאָטן... אפ דער סאַדאָווער גאס האָט ער זיך מיטאמאָל אָפּגעשטעלט לעבן איספראוואניקס הויז, ווו ס'איז, אין שאָטן פון קאשטאנען־ביימער, געלעגן פארן גאניק דעם איספראוואניקס באליבטסטער הונט נעראָנ...

דאָס איז געווען א הונט פון דער הינטישער מישפּאָכע סען־בערנאַר, א גרויסער, ווי א קאַלב, מיט א גלאַטער פעל, עטוואָס געדונצלט בלויז באם האלדז, מיט א קייַלעכדיקן קאָפּ און טעמפּער מאָרדע און מיט א לאנגן גלאַטן וויידל, וואָס איז אים אראָפּגעהאנגען ווי א קאָלבאַס.

ווען נעראָנ האָט זיך אופגעשטעלט אפ זייַנע לאנגע, שטארקע פיס און, אָנשטרענגענדיק אלע מוסקולן, אויסגעצויגן זיך אין זייַן גאנצער לענג,—איז אין אים געחען עטוואָס, וואָס האָט דערמאָנט אָן זייַנע ווילדע אור־אור־עלטערן—דעם וואָלף און דער וואָלפיכע פון די דזשונגלס. נאָר, ווען ער איז געלעגן רויק און גע-דרעמלט, אָדער איז מיט אן ארויסגעהאנגענער צונג געזעסן פארן טויער און געכאפּט פליגן, האָט מען אין אים גלייַך געקאָנט דערקענען דעם פויל געוואָרענעם און אָפּגעלאָזענעם שטוב־הונט, וואָס ער אליין און זייַנע עלטערן אסאך דורעס פאר אים האָבן געלעבט פון גרייטן און, אז די אינסטיקט פון דער צוק־כאיע זייַנען שוין לאנג אייַנגעשלאָפן אין אים.

דערזען צעזארן לעבן נעראָנען, האָבן מיר נאָך פון וויַיטן גענומען רופן:—צעזאר, צעזאר! נא, צעזאר, קום אהער, נא, נא!

ניט וואָס אונדז איז ניט אָנגעשטאנען צעזאר זאָל שליסן באקאָנטשאפט מיט נעראָנען, נאָר ווייַל מיר האָבן געוווסט, אז קיין גוטס קאָן דערפון ניט ארויסקומען ניט פאר צעזארן, ניט פאר אונדז.

יעדערער אין שטאָט האָט געקענט דעם איספראוואניקס הונט, ווי מען האָט געקענט דעם איספראוואניק אליין. ווען נעראָן האָט זיך באוויזן אין גאס מיט א לעדערנעם רייַט־בייַטשל צווישן די ציין, האָט מען געוווסט, אז הינטן קומט נאָך דער איספראוואניק. טאָמער האָט זיך נעראָנען פארגלוסט אליין מאכן א שפּאציר איבער די גאסן, האָט ער עס אויך געקאָנט רויק טאָן, זיכער זייַענדיק, אז קיינער וועט, כאָלילע, ניט אָנרירן ניט זייַן פעל, ניט זייַן קאָווער.

מיט לאנגזאמע, פוילע טריט האָט ער זיך אָפּט שפּאצירט איבער די טראָטוארן ווי בא זיך איבערן אייגענעם הויף. פון צייַט צו צייַט נאָר פלעגט ער זיך אָפּשטעלן, א כאפּ געטאָן א פליג מיטן מויל און איז ווייַטער רויק געגאנגען זייַן וועג.

דאָס, וואָס יעדערער טרעט אים אָפּ דעם וועג אין דער צייַט, ווען אנדערע הינט, וואָס פּלאָנטערן זיך אונטער די פיס כאפּן א בריקע מיטן פוס,—האָט נעראָן, קאָנטיק, אָנגענומען פאר נאטירלעך. ער האָט דערהויפּט ניט פארטראכט זיך איבער דעם.

נעראָנ, כאָטש ער האָט געטראָגנ דעם נאָמענ פונ דעם גרויזאמנ אונ בלוטדורשטיקנ רוימישנ הערשער, איז בעסעווע געווענ א רויִקער, פלעגמאטישער אונ גוטער הונט. אפילע אפ די פויערים, וואָס פלעגנ קומענ צום איספראווניק מיט פראָשעניעס, פלעגט ער בילנ גלײַכגילטיק אונ מער פונ יויצע וועגנ—צו בילנ אפ שלעכט־אָנגעטאָנענע מענטשנ,—ווי פונ בייזקײַט. מוירע געהאט האָט מענ ניט פארנ הונט, נאָר פאר זײַנ באלעבאָס, ווײַל יעדערער אינ שטאָט האָט געוווּסט, אז „דער איספראווניק איז מעשוגע פאר זײַנ הונט" אונ וויי איז צו דעם, ווער ס'וועט זיכ אָנהויבנ מיט זײַנ ליבלינג.

צום איספראווניק, האָט מענ געוווּסט, קאָנ מענ אָנקומענ אָדער דורכ זײַנ ווײַב, אָדער דורכ זײַנ הונט. ער אליינ נעמט ניט... ווער ס'האָט געפונענ כיינ אינ נעראָנס אויגנ, דער האָט אלצ געקאָנט פויעלנ באמ איספראווניק. אפ וועמענ נעראָנ האָט געוואָרפנ אנ אומכיינ, יענער האָט אפילע דורכ דער איספראווניצע קיינ זאכ ניט געקענט פויעלנ באמ איספראווניק. אָבער צעזאר האָט ניט געוווּסט ניט נעראָנס ייִכעסדיקע אָפשטאמונג, ניט זײַנ הויכע לאגע. פאר אימ איז נעראָנ געווענ א הונט, ווי אלע הינט, איז ער אימ ארומגעגאנגענ אונ ארומגעשמעקט אונ געשאדכנט זיכ צו אימ, ווי צו א הונט זײַנ גלײַכנ. ניט אומקוקנדיק זיכ, אינ זײַנ הינטישער טעווע, אפ אונדזער רופ אונ אונדזער פײַפנ, ווי ער וואָלט עס ניט געהערט.

צי נעראָנענ איז ניט אָנגעשטאנענ די באקאנטשאפט מיט א נאוואָטנעמ גאסנ־הונט, צי דער סיכסעכ האָט זיכ אָנגעהויבנ צוליב עפעס אנדערש, האָבנ מיר ניט געוווּסט, נאָר ווענ מיר זײַנענ צוגעלאָפנ צום איספראווניקס הויז, האָבנ זיי זיכ שוינ ביידע, ריטשענדיק אונ וואָיענדיק, געקײַקלט איבער דער ערד אינ א בלוטיקנ געראנגל.

דער ריינ־בלוטיקער, ראסאָווער נעראָנ איז געווענ אסאכ גרעסער אונ קיינ ערעכ ניט שטארקער פינ צעזארנ—דעם געוויינלעכנ גאסנ־הונט אָנ שטאמ אונ אָנ שוירעש,—אונ נעראָנ האָט אימ גלײַכ פונ אָנהויב געהאט אונטער זיכ. אָבער דער העפקער־לעבנ אינ גאס, דער ביטערער קאמפ מיט אנדערע היימלאָזע הינט זײַנ גלײַכנ פאר יעדער צופעליקער ביינ, די בוכצעס מיט די פיס, די שטעקנס אונ שטיינער, וואָס ער האָט אינ זײַנ הינטיש לעבנ ארײַנגעכאפט פונ יעדערנ, ווער ס'איז נאָר ניט פויל געווענ צו שלאָגנ,—האָבנ אויסגעארבעט אינ צעזארנ א גרעסערנ ווידערשטאנד, אויסגעלערנט אימ צו זײַנ פארביסערטער אונ פארצווייפלטער אינ קאמפ, ווי דער נאָכגעגעבענער אונ אויסגעכאָליעטער נעראָנ, וואָס האָט פונ הינטלווײַז אָנ געלעבט אינ ראכוועס אונ ווילטאָג, אונ האָט דעריבער ביסלעכווײַז פארלאָרנ זײַנ גאנצע שלאכט־פעיִקײַט.

ליגנדיק אונטער נעראָנענ, האָט צעזאר ניט אויפגעהערט פארצווייפלט צו קעמפנ פאר זײַנ פעל: געביסנ, געריסנ, געריטשעט אונ געשטשירעט די ציינ, ווי ער וואָלט געפילט, אז זײַנ לעבנ שטייט דאָ אינ קאָנ. זײַנ גאנצע מאָרדע איז געווענ אינ בלוט פונ אייגענע ווונדנ אונ פונ ווונדנ, וואָס ער האָט געמאכט זײַנ סוינע. נעראָנס ברייטע אויערנ זײַנענ געווענ צעפליקט אפ שטיקלעכ אונ זײַנענ געהאנגענ ווי בלוטיקע פרענז.

מיר מיט נאָטקענ האָט זיכ זייער געוואָלט זענ מיט וואָס די הינטישע שלאכט

װעט זיכ ענדיקנ. אונדז האָט זיכ געװאָלט זענ די מאַפּאָלע פונעמ איספּראַװניקס הונט ניט װײניקער, װי מיר האָבנ געגארט צו זענ די מאַפּאָלע פונ אונדזערע סאָנים פונ דער סאַראָװער גאס אונ פונ די „קאָלאָניעס“. אָבער די מוירע פארנ איספּראַװניק איז געװענ צו גרויס, מיר זאָלנ זיכ דערװעגנ בלײַבנ כאָטש איינ מינוט לענגער. אונ מיר האָבנ זיכ געלאָזט לויפנ צוריק אהיימ אזוי גיכ, װי אונדזערע באָרװעסע פיס האָבנ אונדז געטראָגנ. װענ מיר זײַנענ שוינ געװענ באמ ראָג גאס, האָט צעזארט באזונדערס פארצװײפלטע סקאַװטשעריײַ געצװונגענ אונדז אומצוקוקנ זיכ אהינטער. דאָס, װאָס מיר האָבנ דערזענ, האָט פארקילט דאָס בלוט אינ אונדזערע אָדערנ: דער איספּראַװניק אליינ, צעיושעט אונ פול רעציכע, האָט ארומגעטאנצט ארומ די ראנגלענדיקע הינט, װאָס האָבנ זיכ געקײַקלט איבער דער ערד אינ איינ בלוטיקנ קנויל אונ, װילד ריטשענדיק ניט ערגער פונ די הינט, האָט ער געהאקט מיטנ אנטבלויזטנ שװערד איבער צעזארנ.

אָנ אָטעמ האָבנ מיר זיכ געלאָזט לויפנ װײַטער, ניט אומקוקנדיק זיכ מער אהינטער. צעזארס װאָיענ האָט אופגעהערט, אונ מיר האָבנ פארשטאנענ, אז קיינ הונט האָבנ מיר מער ניט..

3

איבער שטאָט איז געהאנגענ א כמארע: דער איספּראַװניק האָט געלאָזט װיסנ, אז ער װעט ניט רוענ, קאָלומאנ ער װעט ניט דערגיינ, װעמענ האָט געהערט דער פארשיװער הונט, װאָס האָט געװאגט אָנפאלנ אפ זײַנ נעראָנענ אונ צעפליקנ אימ די אויערנ.

אז דער הונט האָט געהאט א באלעבאָס איז פאר אימ קלאָר: „ער איז געװענ צו גוט אינ לײַב אונ צו ריינ פאר א העפקער־הונט“. אונ ער האָט א כשאד—ניינ, ניט א כשאד—ער איז זיכער, אז דאָס איז געװענ א ייִדישער הונט. ער קענ אינ שטאָט יעדנ הונט, װאָס פארדינט מענ זאָל אימ קענענ, אונ קיינ איינער פונ זיי איז ניט ענלעכ אפ דער פארשיװער דװאָרניאגע. עס האָט דערהויפט קיינמאָל ניט פאסירט, אז צװישנ די קריסטלעכע הינט פונ זײַנ גאס אָדער פונ די ארומיקע קריסטלעכע גאסנ אונ זײַנ נעראָנ זאָל פאָרקומענ א רײַסערײַ. נאָר א ייִדישער הונט פונ געמיינ בלוט האָט געקאָנט האָבנ די כוצפע אָנצופאלנ אפ זײַנ נאָבעלנ, ראסעװענ נעראָנ.

— איכ װעל די זשידקעס אָנלערנענ. איכ װעל זיי דורכטרײַבערנ איינציקװײַז— אונ דעמ אייגנטימער פונעמ פארשיװנ הונט װעל איכ אויסגעפינענ!—האָט דער איספּראַװניק געסטראשעט.

די אויספאָרשונג האָט זיכ אָנגעהויבנ דעמ זעלביקנ טאָג. ביידע אָקאָלאָדאָטשניקעס אונ א גאנצע כאָפּטע גאָרדאָװיִע זײַנע אומגעלאָפנ פונ שטוב צו שטוב, פונ איינ ייִדיש הויפ צומ צװייטנ אונ געפאָרשט, אונ אויסגעפרעגט, אונ געסטראשעט, אָבער קיינער האָט פארנ באלעבאָס פונעמ הונט ניט געװאָלט אנערקענענ זיכ.

דאנ האָבנ זיכ, אפנ באפעל פונמ איספּראַװניק, אָנגעהויבנ רעפּרעסיעס. ייִדישע קרעמער זײַנענ באשטראָפט געװאָרנ פאר צו פריי עפענענ אונ צו שפּעט פארמאכנ

זייערע קראָמענ; איזוואָשטשיקעס—פאר האלטנ ניט ריינ זייערע געשפאנענ; הײַזער־אייגנטימער—פאר צובראָכענע טראָטוארנ, פאר אײַנגעפאלענע פלייטנ, פאר פוסטע וואסער־פעסלעכ בא זייערע הײַזער; מארק־ווײַבער—פאר פארמיסטיקנ דעמ מארק; באלמעלאָכעס—פאר ארבעטנ אָנ פאטענטנ, פאר אָפגעריבענע שילדלעכ. ניט געווענ קיינער, וואָס זאָל אפ זיכ ניט פילנ דעמ צאָרנ פונעמ צערייצטנ האר אונ הערשער פונ שטאָט.

ס'איז דערגאנגענ אזוי ווײַט, אז פאָליציי האָט גענומענ מאכנ אקטנ פאר סמעטניקעס, וואָס זײַנענ דווירעסלאנג געלעגנ אפ די הויפנ אונ ס'האָט קיינמאָל קיינעמ ניט געארט אונ שטראפירנ פאר אויסגיסנ פאָמעניצעס פאר די טירנ, וואָס אויב מע זאָל פאר אזעלכע זאכנ שטראפירנ, דארפ מענ שטראפירנ גאנצ שטאָט.

מער פונ אלעמענ האָט זיכ באמיט דער אָקאָלאָדאָטשנע ז א כ א ר ק י נ. אויספילנ דעמ איספראווניקס באפעל: „וואָס ס'זאָל ניט זײַנ—אופזוכנ מיר דעמ אייגנטימער פונעמ הונט“,—איז פאר זאכארקינענ געווענ א פראגע פונ ערע אונ פרעסטיזש: וואָס הייסט, ער, וואָס איז אויסגעוואָקסנ אונ אויסגעהאָדעוועט געוואָרנ צווישנ ייִדנ, וואָס רעדט ייִדיש, ווי א ייִד אונ בארימט זיכ, אז ער וויס „וואָס בא יעדער ייִדליאק אונטער די נעגל טוט זיכ“,—ער וועט ניט דערגיינ וועמעס הונט דאָס איז געווענ! דער קאָפ וועט אפ אימ ניט זײַנ—אונ ער וועט דעמ ייִדליאק אויסגעפינענ!

א קליינ־געוויקסיקער, אינ א מונדירל „קימאט אנ אָפיצערסקער“, דאָס ווײַספלאקסנ בערדל ארויסגערוקט, ווי ער וואָלט זי געשיקט פאָרויס אויסשפירנ, איז ער, מיט גיכע טריטעלעכ אונ מיטנ רעכטנ זײַטל פאָרויס, אומגעלאָפנ גאנצענע טעג איבערנ שטאָט אונ, ווי א יאגד־הונט, געשמעקט אונ געשנישטערט שפורנ פונעמ זינדיקנ הונט. אינ איינ גאנג האָט ער שוינ אויסגעפונענ אלע מעלאמדימ, וואָס האָבנ געקנעלט אָנ פאטענטנ, אלע „בעזבאנדראָלנע“ פאפיראָסנ־מאכערקעס, אופגעדעקט אלע „זאוואָדנ“ פונ נאסע הייוונ אונ ראָזשינקעס־ווײַנ, אלע „פאבריקנ“ פונ עפלקוואס אונ סאָדע־וואסער—אלע אונטערנעמער אונ אונטערנעמונגענ, וועגנ וועלכע ער האָט געוווסט זײַנ גאנצ לעבנ אונ געצויגנ דערפונ האכנאָסע—אונ האָט געשריבנ פראָטאָקאָלנ, אונ ארופגעלייגט שטראפנ, אונ פארפירט פראָצעסנ, אונ אָנגעמאכט כורבוינעס אינ די מאָגערע בײַטלעכ פונ קליינע אונ גרויסע קאפצאָנימ. זאכארקינ האָט געוואָרנט, אז דאָס איז ערשט אנ אָנהויב, אויב מענ וועט אימ ניט ארויסגעבנ דעמ אייגנטימער פונעמ הונט.

דער איספראווניק איז אומגעגאנגענ איבערנ שטאָט א פינצטערער, א בייזער אונ אָנגעכמורעטער. ווײ איז געווענ דעמ, ווער ס'איז אימ אינ די דאָזיקע גרויזאמע טעג געקומענ צומ האנט! ס'איז דערגאנגענ דערצו, אז אינ זײַנ ווילדער צערײַצקײַט האָט ער עטלעכע ייִדנ אייגנהענטיק אויסגעפאטשט אינ מיטנ גאס. אינ שטאָט האָט זיכ געטאָנ כוישעכ.

— ווער וויס וואָס פאר א צאָרעס ער וועט נאָכ שטאָט אָנטאָנ—האָבנ ייִדנ געשמועסט צווישנ זיכ.

— אז פאר איינ האָר פונ זײַנ קעלעווס פעל איז ער דאָכ קאפאבל אויקער מינ האשוירעש [1]) זײַנ א שטאָט מענטשנ.

[1]) עוקר מינ השורש—אויסרײַסנ מיטנ וואָרצל.

— עס קאָן נאָך, כאָלילע, קומען צו פּאָגראָמען — האָבן פּאַכדאָנים געשראָקן. מיר מיט נאָטקען האָט אוואדע שטארק ווי געטאָן דער טראגישער סאָף פון צוזארן — אונדזער איבערגעגעבענעם פריינט, אונדזער באשיצער פון סאָנים און געלערנטן פאַדנאָסע־געבער. נאָר מיר זיינען שוין קימאט צופרידן געווען וואָס דער איספּראווניק האָט אים דערהארגעט אפן אָרט. וואָרום, וואָלט צוזאר ארויס א לעבעדיקער פון זיינע הענט, וואָלט ער דאָך אנטלאָפן אהיים און אף זיינע שפּורן געבראכט דעם איספּראווניק גלייך צו אונדז. אָך־און־ווי וואָלט דאן צו אונדז געווען!...

נאָר אויך איצט, מיט אונדזער שרעקלעכן סאָד, צוזאמען מיט צוזארן אין קייווער, — זיינען מיר ניט געווען אינגאנצן רויק: אונדזערע אייביקע סאָנים, ליפּע־די־ליפס כעווריע, ווייס ווער עס הונט דאָס איז געווען. טאָמער גיט אונדז אימיצער פון זיי ארויס אָדער ער רעדט זיך אויס ניט ווילנדיק, וואָס ווערט מיט אונדז דאמאָלסט זיין?!... מיר האָבן גאָר מוירע צו קלערן וועגן דעם...

און אונדזער שרעק איז געווען ניט אומזיסט.

איינמאָל אינדערפרי, דער טאטע איז נאָר וואָס אופגעשטאנען, ערשט זאכארקין איז דאָ.

— נו, כאַים — האָט ער אָן האקדאָמעס אָנגעהויבן אין יידיש, ווי זיין שטייגער איז געווען צו ריידן מיט יידן, — כ'האָב מוירע, דו ווערסט דיין הונט האָבן צו געדעניקען.

דער טאטע האָט לעכאטכילע ניט פארשטאנען. וואָסער הונט, ווער עס הונט? א הונט איז קיינמאָל אין זיין גוויל ניט געווען. נאָר זאכארקין האָט אים דערמאָנט.

— דו טאקע קיין הונט ניט געהאט, — דיין ייִנגל געהאט א הונט. נאָר ער נאָך א קליינער. א ניעסאָווערשענאָליעטנער, ווערסטו אָטוועטשאיען פארן איספּראווניק.

דאָס האָט, אפאָנעם, דעם טאטן דערמאָנט אָן דעם הונט, וואָס ער האָט אנומלט געזען אין אונדזער צירק און ער איז אזש בלאס געוואָרן.

— אַבער, גאָספּאָדין אַקאָלאָדאָטשני, איוואן פּעטראָוויטש! — האָט ער געבעטן, מיין ייִנגלס הונט האָב איך דאָך נאָך מיט דריי כאדאָשים צוריק דורכגעטריבן... און ס'איז דאָך גאָר ניט געווען מיין ייִנגלס הונט... א גאנצע כאָפּטע לאָבוסעס זייערע האָט זיך געשפּילט מיט עפּעס א בריבלודנעם הונט, האָב איך זיי אלעמען דורכגעטריבן צוזאמען מיטן הונט, און פון דאן אָן...

— נו, באלעבאָס, געגוג דיר זיין ריידן! — האָט אים זאכארקין איבערגעשלאָגן. — דו בעסער ווערסט ריידן מיט אים אליין, מיטן גאָספּאָדין איספּראווניק. ער'ט זיך שוין ראזביראיען...

געוויינלעך, ווען ס'איז געקומען צו רייד וועגן מוירע פאר נאטשאלסטווע, פלעגט זיך דער טאטע בארימען, פארן עמעס איז ער גרייט אנטקעגנשטעלן זיך „אפילע דעם סאמע איספּראווניק"... נאָר איצט, כאָטש ער איז געווען פולשטענדיק אומשולדיק אין צוזארס „פארברעכן", האָט ער, פונדעסטוועגן, קיין כיישעק ניט געהאט אויסטיינען זיך „מיטן סאמע איספּראווניקן".

מיט ציטערדיקע הענט האָט ער ארויסגענומען א קערבל פון קעשעניע און געשטופּט עס זאכארקינען אין האנט אריין.

— איוואנ פעטראָוויטש! גאָספּאָדינ אָקאָלאָדאָטשני! איכ בעט אײַכ...

מיט דער געשיקטקײַט פונ א געניטנ פּאָקוסניק, האָט זאכארקינ א נעמ געטאָנ דאָס פּאפּירל, וואָס איז גלײַכ פארשווּנדנ צווישנ זײַנע פלינקע פינגער.

— אָט וואָס איכל דיר זאָגנ, באלעבאָס,—איז ער גלײַכ ווייכער געוואָרנ,—איכל דיר גערנ העלפנ אינ דעמ איניענ—פארוואָס ניט העלפנ אנ ערלעכנ מענטשנ? — נאָר דו ווייסט דאָכ, אז ווענ עס האנדלט זיכ וועגנ זײַנ הונט, דארפ מענ דייסט־וועווענ דעליקאטנע, פאַרזיכטיק, אז ניט קענ מענ נאָכ אָנמאכנ א צאָרע אי דיר, אי מיר... וועל איכ דיר זאָגנ אָט וואָס: דו גיי צו אימ אריבער אונ פארענטפער זיכ ווי דו קאָנסט, אונ איכ'ל שוינ פאר דיר פארוואָרפנ א וואָרט: איכ קענ דיכ, הייסט עס, פאר א פײַנט פונ הינט אונ אזוי ווײַטער... טאק שטאָ מאָרגנ, אזייגער צוועלפ, גיי אריבער. אונ מירנ זיכ נאָכ מיט דיר זענ...

4

א גאָרדאָוואָי אָנ א מונדיר, די ארבל פונ דער קאָלירטער ציטענער העמד פאר־שארצט איבער די עלנבויגנס, מיט א לאקירטנ שטיוול אָנגעצויגנ אפ דער לינקער האנט אונ מיט א בערשטל אינ דער רעכטער האנט, האָט געעפנט דעמ טאטנ די טיר אונ שטרענג—אָפּגעהאקט א פרעג געטאָנ:

— טי קורא?

א האלבער קערבל איז געווענ דער ענטפער אפ דער שטרענגער פראגע.

די טיר האָט זיכ גלײַכ געעפנט פארנ טאטנ.

— צו זייער וויסאָקאָבלאגאָראָדיע מיט א פּראָשעניע?—האָט ער שוינ ווייכער געפרעגט.

— ניינ, אזוי, וועגנ אנ איניענ... באפוילנ קומענ...

— עכ, באטענקא—האָט דער גאָראָדאָװאָי א פּאָכ געטאָנ מיטנ שטיוול,—צו פרי אביסל. זייער וויסאָקאָבלאגאָראָדיע שלאָפט נאָכ. שפּעט געזעסנ אינ קלוב... ס'האָט שוינ געטאָגט, ווענ ער איז געקומענ אהיימ. א בייזער—אוכ! אוואדע פארשפּילט... אויב די ווילסט ווארטנ, קאָנסטו צוווארטנ. דארפ, פונדעסטוועגנ, באלד אופשטיינ... פאָרט שוינ האלבער טאָג... זעצ זיכ אָט דאָ אפנ בענקל אונ ווארט אונטער.

אונ איבערלאָזנדיק דעמ טאטנ אינ קאָרידאָר איז ער, הוקנדיק אפ דער לאקיר־טער כאָליעווע, פארשווּנדנ הינטערנ טיר פונ קיכ, פונוואַנענ ס'האָט זיכ באלד דער־הערט דאָס רײַבנ פונ א בערשטל אָנ שטיוול.

נעראָנ, וואָס איז געלעגנ פארנ טיר, אפ וועלכער ס'איז געהאנגענ א קליינ שילדל מיט דעמ אופשריפט „קאנצעליאריע“, האָט אופגעהויבנ דעמ קאָפּ פונ די אויסגעצויגענע פּאָדערשטע לאפּעס, נאכהער אופגעזעצט זיכ אפ די הינטער־שטע פיס אונ באטראכט דעמ טאטנ, מעיאשעוו זײַענדיק זיכ, אפּאָנעמ, וואָס ער האָט דאָ צו טאָנ: צי דארפ ער א ריטשע טאָנ, ווי אפ אנ אומגעבעטענעמ גאסט אָדער, פארקערט, קלאפּנ מיטנ וויידל אָנ דיל אלט צייכנ פונ גוט־פרײַנט־שאפט. מיט זײַנ געניט הינטיש אויג האָט ער גלײַכ דערזענ, אז דער פרעמדער געהערט צו יענעמ מינ צווייפיסיקע, וועלכע מענ דארפ אופנעמענ פרײַנטלעכ. די,

אַפ װעלכע מע דארף האָוקען און כאַפּן פאר די פּאָלעס, טראָגן געװײנלעך גרויע צעריסענע קלײדער און די פיס גלאַנצן בא זײ ניט װי אָט בא דעם פרעמדן...

אָפּגעמאכט בא זיך, אז דער פרעמדער געהערט צו זײַנע לײַט, האָט נעראָן א פּאָר מאָל א קלאַפּ געטאָן מיטן װײדל אָן דיל רעכטס און לינקס, נאכהער ברײט א גענעץ געטאָן און צוריק אויסגעצויגן זיך געמיטלעך אפן טעפּיכל פארן טיר, װי ער װאָלט זאָגן: זײַ זיך, און איך װעל דערװײַל נאָך דרעמלען אביסל. נאָר פונדעסטװעגן, האָט ער פון צװישן די האלב פארמאכטע אויגן אונטערגעקוקט אפן פרעמדן: ביזט סאקע, הײסט עס, א גאנץ פײַנער פּארשוין, נאָר אכטונג געבן שאדט ניט...

דער טאטע האָט געקוקט אפן הונט מיט מער כשאד, װי דער הונט אפ אים: מער פון אלץ האָט ער מוירע געהאט נעראָן זאָל זיך ניט צעבילן. װאָרעם זאָל ער נאָר א ביל טאָן אפ אים איז ער שוין א געפּאסלטער באם איספּראװניק.

— צע-צע-צע!—האָט ער געצמאָקעט מיטן צונג און צוגעשמײכלט צום הונט, װי ער װאָלט געזאָגט: זעסט דאָך אלײן, אז איך בין קײן שלעכטס ניט אויסן. לאָמיר זײַן גוטע פרײַנט...

דערזען, אז דער פרעמדער איז צו אים אזוי פרײַנטלעך, האָט נעראָן ברײט פאנאנדערגעעפנט זײַנע מילדע ברוינע אויגן און צוריק פרײַנטלעך געקוקט אפ אים מיט זײַן איבערגעגעבענעם הינטישן בליק, דרײענדיק דערבײַ מיטן װײדל—א סימען אז ער איז גרײט אופצונעמען די אָנגעבאָטענע פרײַנטשאפט.

דאָס האָט דעם טאטן צוגעגעבן מוט צו פרוּװן װערן גוט־פרײַנט מיטן איס־פּראװניקס טאכשיט, װאָס קאָן אים דאָ טאָן די גרעסטע טױװע. און שמײכלענדיק צו אים נאָך ברײטער, האָט ער אים גערופן צו זיך:

נא, נא, נא, נעראָן, נעראָנטשיק, נא, קום אהער, נעראָנטשיק, נא,—האָט ער געצמאָקעט מיטן צונג, און געקנאקט מיט די פינגער.

ניט געײַלט האָט זיך דער הונט אופגעהויבן אין זײַן גאנצער גרויס פון אָרט, ברײט צעשפּרײט די פיס, אָפּגעטרײסלט זיך, א גענעץ געטאָן, מיט זײַן לאנגן, פײַכטן צונג אויסגעװישט פריִער אײן אויג, דערנאָך די צװײטע און דערנאָך ערשט ניט געײַלט, מעיושעװדיק צוגעגאנגען צום טאטן און אָפּגעשטעלט זיך אין אזא פּאָזע, װי ער װאָלט געזאָגט: װילסט מיך א גלעט טאָן—גלעט. װאָס קאָן דאָס מיך ארן...

ניט גאנץ זיכער האָט דער טאטע אויסגעצויגן די האנט און פּאָרזיכטיק א קיצל געטאָן דעם הונט צװישן די אויערן. נעראָן האָט אונטערגעװאָרשעט פון פארגע־ניגן און צוטרױלעך אװעקגעלײגט זײַן קורלאטן קאָפּ אפ זײַן נײַעם פרײַנטס קני.

שוין אביסל דרײסטער האָט אים דער טאטע געגלעט איבערן קאָפּ און איבערן רוקן. ער האָט זיך אפילע אָנגענומען קוראזש און ארײַנגענומען אין האנט נעראָנס טעמפּע מאָרדע, נעראָן האָט שנעל א רוק ארויסגעגעבן די צונג און א לעק געטאָן זײַן גוטן פרײַנטס האנט. פון אומגעריכטקײַט האָט דער טאטע א כאַפּ געטאָן די האנט צוריק. נעראָן האָט אפ אים א קוק געטאָן מיט פּאָרװורף, גלײַך ער װאָלט געזאָגט: „איך בין מיט דיר אפן בעסטן אופן, און דו שרעקסט זיך פאר מיר, װי איך װאָלט געװען עפּעס א װילדע כאיע!..״

און, אַפּאָנעמ, קעדײ צו איבערצײַגנ, אַז ער מײנט קײנ בײז ניט, האָט נעראָנ אַרופגעשטעלט זיכ מיט די פאָדערשטע לאַפּעס אַפנ טאַטנס קני און מיט זײַנע גוטע אויגנ פונ אַ הונט. וואָס האָט קײנמאָל ניט געדאַרפט רײַסנ זיכ פאַר אַ צופעליקער בײנ און האָט דעריבער קײנ אורזאַכ ניט געהאַט צו זײַנ שלעכט, אַרײַנגעקוקט אים גלײַכ אינ פּאָנעמ אַרײַנ.

דעמ טאַטנ האָט זיכ געדאַכט, אַז אָט, אָט עפנט דער הונט דאָס מויל און זאָגט: „זעסט, אַז מענ דאַרפ פאַר מיר קײנ מורא ניט האָבנ...”

ווי אַ מענטש, וואָס האָט קײנמאָל קײנ הינט ניט געהאָדעוועט און ניט געקענט זײער נאַטור, האָט ער נאָכ אַלצ ניט געטרויט נעראָנענ: פאָרט אַ הונט... נעראָנ האָט אָבער אַזוי וואַרעמ געקוקט אימ אינ די אויגנ און אַזוי פרײַנטלעכ געפאָכעט מיטנ וויידל, אַז אַפילע דער טאַטע, וואָס איז קײנמאָל אינ זײַנ לעבנ נאָענט ניט געשטאַנענ לעבנ אַ הונט,—האָט דערפילט אַ וואַרעמקײַט אינ זײַנ האַרצנ צו אָט דעמ גוטנ גיגאַנט, וואָס ווײַזט אימ אַרויס אַזויפיל צוטרוי און לאַשטשעט זיכ צו אימ, ווי צו אַ נאָענטנ פרײַנט... און שוינ גאָר אָנ שומ מורא, האָט ער גענומענ גלעטנ און לאַשטשענ דעמ הונט, רײדנדיק צו אימ צערטלעכ:

— אַכ דו, גוטער הונט!.. אַכ דו, ווילער הונט... נעראָנ, נעראָנטשיק... אַ טײַערער הונט, אַפ מײַנ וואָרט!..

5

אַ פּאָר מינוט איז דער איספּראַווניק געשטאַנענ אינ טיר פונ זײַנ קאַבינעט און שווײַגנדיק צוגעקוקט די כאַווערשאַפט־סצענע צווישנ הונט און מענטש. זײַנ געוויינלעכ פאַרכמורעט פּאָנעמ איז אויסגעלײַטערט געוואָרנ און זײַנע געגרײַזלטע מיליטערישע וואָנצנ האָבנ זיכ לײַכט באַוועגט איבער די דיקע ליפּנ, וואָס האָבנ זיכ צעצויגנ אינ אַ צופרידנ־איבעראַשט שמײכל.

— וואָס, געפעלט דיר מײַנ הונט?..

דער טאַטע האָט אַ ציטער געטאָנ, איז האַסטיק אופגעשפּרונגענ פונ בענקל און אַ דרײ אומ געגעבנ זיכ מיטנ פּאָנעמ צומ איספּראַווניק.

דערהערט דעמ באַלעבאָס שטימ, האָט זיכ נעראָנ אַ וואָרפ געטאָנ צו אימ און לעקנדיק אימ די הענט, אַרײַנגעקוקט אימ אינ די אויגנ, ווי ער וואָלט פרעגנ: „וואָס דאַרפ איכ טאָנ? קוק ניט וואָס מיר זײַנענ גוט־פרײַנט. אײנ ווונק דײַנער — און איכ צערײַס אימ אַפ שטיקער”... נאָר, זעענדיק, אַז דער באַלעבאָס שמײכלט גוטמוטיק, האָט ער זיכ געוואָרפנ פונ אימ צומ טאַטנ און פונ טאַטנ צו אימ, געשנאָרכעט מיט דער נאָז און בײדנ אַרומגעשמעקט, ווי ער וואָלט זײ געוואָלט צוזאַמענפירנ: „קומט, הײסט עס, בײדע אַהער און זײַט גוט־כאַווער, וועלנ מיר אַלע אײנײנעמ לעבנ ווי פרײַנט...”

— עהע! איכ זע איר זײַט געוואָרנ גאַנצע פרײַאַטעלעס—האָט דער איספּראַווניק פונקט אַזויפיל פאַרוווּנדערט, ווי צופרידנ געזאָגט,—מיט וואָס־זשע האָסטו עס אימ אַזוי גענומענ, וואָס ער האָט זיכ גלײַכ צוגעלאָזנ צו דיר?

דער טאַטע האָט גלײַכ דערשמעקט, אַז ער דאַרפ אויסנוצנ די „פרײַנטשאַפט”

מיטנ הונט פאר זײַנ טױװע װעגנ. אונ, מיט דער היספּײַלס, מיט װעלכער מענטשנ ליבנ א גערעטענעם בעניאָכיד פאר א פארליבטער מאמע, האָט ער אונטערגעכאפּט:

— פּריִאטעלעס, װאשעװיסאָקאָבלאגאָראָדיע?—װי קענ מענ ניט ליב האָבנ אזא גאָלדענעם הונט? ס׳איז דאָך א בריליאנט—ניט א הונט!.. איך האָב נאָך אזא זעל־טענעם הונט קײנמאָל אינ מײַנ לעבנ ניט געזענ, װאשעװיסאָקאָבלאגאָראָדיע!..

— דו קוק ניט װאָס ער לאשטשעט זיך צו דיר אזױ—האָט דעמ איספּראװניק אביסל פארדראָסנ װאָס מע נעמט אָנ זײַנ נעראָנעס פאר א לעמעלע,—װענ מענ דארפ קענ ער זײַנ בײַז אױך... אונ ער האָט אינ זיך א מוירעדיקנ קױעך...

— װאָס הײסט, ס׳איז דאָך א לײב—ניט א הונט, װאשעװיסאָקאָבלאגאָראָדיע...—האָט דער טאטע אונטערגעכאפּט.

— זאָל ער נאָר דערשמעקנ א פארדעכטיקנ סוביעקטל װעט ער אימ די האלדז איבערגריזשענ.

— יעשטשאָבי!—נאָך װי... מיט אזא הונט אינ שטוב קאָנ מענ רויִק שלאָפנ...

— זאָל זיך אימ נאָר דאכטנ, אז אימיצער װיל מיך אָנרירנ, װעט ער יענעמ דעמ קאָפּ אראָפּרײַסנ!—האָט דער איספּראװניק װײַטער אױסגערעכנט די מײַלעס פונ זײַנ ליבלינג.

— יאָ, איך בינ ניט מעקאנע דעמ נאכאל, װאָס װעט זיך דערװעגנ קרומ א קוק טאָנ אפ אײַך, װאשעװיסאָקאָבלאגאָראָדיע, װענ נעראָנ איז דערבײַ—האָט דער טאטע באמיט זיך איבערצושטײַגנ דעמ איספּראװניק אינ שװאָכימ פארנ הונט.

ניט געװענ קײנ גרעסערער פארגעניגנ פארנ איספּראװניק, װי רײדנ װעגנ זײַנ הונט. אונ אז ער האָט געזענ מיט װאָס פאר א ליבע אונ ברענ דער טאטע רעדט װעגנ זײַנ נעראָנ, האָט ער גאָר פארגעסנ מיט װעמענ ער האָט זיך דאָ ארײַנ־געלאָזנ אינ א שמועס אונ גענומענ אױסרעכענענ אלץ מער אונ מער מײַלעס דעמ הונטס, דערצײלנ פונ אימ כאָכמעס אונ װונדער—עמעסע אונ אױסגעטראכטע—ארײַנגעלאָזנ זיך אינ זײַנ ביִאָגראפיע אונ זײַנ ייִכעס ביזנ דריטנ דאָר ארײַנ.

דער טאטע האָט כניפעדיק געשמײכלט, פארכידעשט געשאָקלט מיטנ קאָפּ, גע־טשמאָקעט מיט די ליפּנ אונ אפ אלערלײ אנדערע אױפאנימ ארױסגעװיזנ זײַנ היס־פּײַלעס. דערבײַ האָט ער די גאנצע צײַט געהאלטנ אינ אײנ גלעטנ נעראָנענ מיט אזא ליבשאפט, גלײַך ער װאָלט זיך גאָר ניט געקאָנט אָפּרײַסנ פונ אימ.

אױסגעשעפּט דעמ גאנצנ קװאל רײד װעגנ נעראָנענ, האָט זיך דער איספּראװ־ניק דערמאָנט:

— אײגנטלעך, נאָך װאָס ביזטו געקומענ? װאָס דארפסטו?

דער טאטע האָט פארלאָרנ דעמ גאנצנ מוט, װאָס די אומגעריכטע פרײַנטשאפט נעראָנס האָט אימ געװענ געהאט צוגעגעבנ.

— אָט, װאשעװיסאָקאָבלאגאָראָדיע... װעגנ נעראָנענ... װעגנ הונט... בודטאָ מײַנ ייִנגל האָט געקענט דעמ פארשיװנ הונט, װאָס האָט זיך דערװעגט אָנפאלנ אפ נע־ראָנענ, װאשעװיסאָקאָבלאגאָראָדיע...

— אך, אזױ.. נו, אָט װאָס: איך האָב איצט קײנ צײַט ניט... קומ ארײַנ אינ א װאָכ ארומ... דו זעסט אױס צו זײַנ א לײַטיש מענטשל... װענ ניט װאָלט נעראָנ צו דיר אזױ ניט געקלעפּט... ער האָט פײַנט ניט ערלעכע... נו, גײ!

דער טאטע איז ארויס פון איספּראווניק א צופרידענער מיט זיך אליין: ער'ט אָבער שטענדיק געזאָגט, אז קוים פילט ער זיך אומשולדיק, נעמט ער זיך אונטער אנטקעגנשטעלן זיך דעם סאמע איספּראווניק...

אפ דער צווייטער וואָך, ווען דער איספּראווניק איז ארויס פון קאבינעט, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אפ אזא סצענע: דער טאטע האָט געלייגט שטיקלעך צוקער דעם הונט אפן נאָז, נעראָן פלעגט מאכן א באוועגונג מיטן קאָפּ אראָפּ און, ווען דאָס שטיקל צוקער איז אראָפּגעפאלן פון זיין נאָז, פלעגט ער עס אונטערכאפּן אין דער לופטן.

— אָ־האָ־האָ!—האָט זיך דער איספּראווניק צעלאכט מיט א גליקלעכן געלעכטער, ווי מע לאכט פון א געראָטן קינדס א כאָכמע.—ער האָט אים אויסגעלערנט א נייעם קונץ!.. אך דו מאָשעניק! אָט א בעסטיא!..

דער טאטע האָט ניט געוווסט וועמען דער איספּראווניק רופט אָן מאָשעניק און בעסטיע—אים, אָדער דעם הונט. נאָר פון זיכערקייט וועגן, האָט ער געהאלטן פאר גלייכער ניספּאָעל צו ווערן.

— אזעלכע קלוגע הינט זעט מען דאָך גאָרניט היינטיקע צייטן, יעי באָגו, וואשעוויסאָקאָבלאגאָראָדיע!..

און ער האָט גענומען דערציילן נעראָנס כאָכמעס און אופטועכצן, וואָס זיינען אים די מינוט געקומען אפן זינען און וועלכע ער האָט צוגעגרייט זינט זיין לעצטן באזוך באַם איספּראווניק.

— דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן באגעגן איך א ייִד, וואָס זאָל אזוי ליב האָבן הינט—האָט זיך דער איספּראווניק—געוווּנדערט. געוויינלעך אנטלויפט דאָך איַערער פאר א הונט פאר א מייל...

— א הונט צו א הונט איז ניט גלייך, וואשעוויסאָקאָבלאגאָראָדיע—האָט דער טאטע דערקלערט די מערקווירדיקע דערשיינונג,—מער ווי שפּראך פעלט דאָך אים ניט...

— אי טאָ פּראווּדא!—האָט דער איספּראווניק גערן איַינגעשטימט.

דער טאטע איז געוואָרן נאָך דרייסטער.

— וואשעוויסאָקאָבלאגאָראָדיע, איך וועל זיך דערלויבן צו ווענדן זיך צו איַיך מיט א ביטע.

— איך וויס, איך וויס—האָט אים איבערגעשלאָגן דער איספּראווניק,—וועגן דיין ייִנגלס הונט... כ'וועל די זאך באטראכטן.

— ניין, וואשעוויסאָקאָבלאגאָראָדיע, ניט וועגן מיין ייִנגל... איך וועל בעטן: אזוי ווי איך בין א סטאָליער, א גוטער סטאָליער, וואָלט איך געוואָלט איַיער דערלויבעניש אויסבויען פאר נעראָנען א נייע קאָנורע... כ'וועל אָפּמיַיסטרעווען א קאָנורע—אן אנטיקל!.. אין צייכן פון ליבע און צוגעבונדנקייט, וואשעוויסאָקאָבלאגאָראָדיע...

דעם איספּראווניקס פּאָליציַיִשע הארץ איז גערירט געווען פון אזא הייסער ליבע צו זיין הונט.

— אלס קלאָל נעם איך ניט אָן קיין שום מאטאָנעס,—האָט ער שטרענג געזאָגט,— נאָר, ווייל נעראָן האָט דיך ליב, דערלויב איך דיר עס. און ווען דיר וועט זיך

פארגלוסטנ געוואָרע ווערנ נעראָנעָן, קאָנסטו צו אימ קומענ.. ווו זײַנ קאָנורע וועט שטיינ וועסטנ דאָכ וויסנ. גיי דרייסט צו אימ. ער האָט דיכ ליב...

— איכ ווייס ניט ווי צו דאַנקענ אײַכ פאר אײַער גענאָד, וואשעווויסאָקאָבלאגאָראָדיע—האָט זיכ זאווּל געבוקט.—כ׳וועל פאר אײַכ אייביק גאָט בעטנ...

— נו, לאדנאָ, גיי!

— אנ אייגנס וואָס דער הונט איז בעסער אונ קליגער פונ זײַנ באלעבאָס — האָט דער טאטע אינ זיכ געלאכט, ארויסגייענדיק פונעמ איספראווניק.—גאָט בעטנ וועל איכ פאר נעראָנענ—ניט פארנ כאבארניק... אָט א נארישער האָמאָנ! ער מיינט טאקע, אז איכ גיי אויס נאָכ זײַנ פארשיווּנ הונט...

אז מע האָט דעמ טאטענ געפרעגט אינ שטאָט מיט וואָס האָבנ זיכ געענדיקט זײַנע וויזיטנ צומ איספראווניק, האָט ער געענטפערט:

— איכ ווייס ניט וואָס האָבנ דאָ א שטאָט מענטשנ געציטערט. איכ, ווענ איכ פיל זיכ גערעכט, האָב איכ זיכ ניט געשעמט אנטקעגנשטעלנ זיכ דעמ סאמע איספראווניק...

---

ה. שווערדיק

# פרילינג

פרילינג איז אינ שטאָט געקומענ
אונ די בריאָזע האָט דערפרייט,
די פרײַע וואסערנ צענומענ,
פארפלייצט די ראכוועס אינדערברייט.

די בוימער זײַנענ לאנג געשווומענ
ביז קני אינ וואסער אינעם סאָד.
דערנאָכ האָט זיכ צונויפגענומענ
דער ברייטער טײַכ. אזא מינ שאָד!

פארשווונדנ איז דער גרויסער שפיגל
ווי ער וואָלט קיינמאָל ניט געווענ.
דער סאָד וועט זענ אי גראָז, אי הימל,
נאָר זיכ אליינ וועט ער ניט זענ.

* * *

דער רעגנ—דער פריילעכער גאסנפויקער
פויקט איבער זוניקער שטאָט מיט זײַנ שרויט.
דער ווינטער אנטלויפט. מער ניט ערגעץ ווו שעמעוודיק
טוליעט ער זיכ לעם א שוועל, בא א פלויט

מיט לעצטע ביסלעכ שניי. נאָר עס ארט דיכ שוינ,
ווי ארנ עס קאָנ פאראיאָריקער שניי.
דער פרילינג איז דאָ: אָטעמסט אײַנ זײַנע רייכעס,
ער פאלט מיטנ רעגנ, דו זעסט ווי ער גייט

פונ דער ווײַט, ווו עס זײַנענ צערונענ די נעפלענ
אונ ברייט האָט צעעפנט זיכ דער האָריזאָנט.
פונ דער ווײַט, ווו עס וויקלט די שקיִע פאנאנדער
א וונדערלעכ רויטע, א ליכטיקע פאָנ.

כ. גורעוויטש

# לידער

## ס'האָבן מיידלעך...

ס'האָבן מיידלעך הײַנט באגינען
גאָרנישט, גאָרנישט ניט געטאָן,
נאָר די צווײַגעלעך די גרינע
געבראָכן פון א יונגן קליאָן...

מיט די צווײַגעלעך די יונגע
זיי האָבן גאָרנישט ניט געטאָן,
נאָר אין בינטעלעך געבונדן
און געוואָרפן אונטער קליאָן.

מיט די בינטעלעך די קליינע
זיי האָבן גאָרנישט ניט געטאָן,
נאָר געשפּרייט א שטעג א שיינעם
צו דער קרעניצע פון קליאָן.

און בא קרעניצע בא יענער,
זיי האָבן גאָרנישט ניט געטאָן,
נאָר געקוקט, דער באָכער וועמעס
וועט דער ערשטער צו צום קליאָן.

## לויפט א הירש...

(אן אײַראָטישער מאָטיוו)

מיר טוט דאָס הארצ אצינדערט אזוי ווי
אין שטילער לופט זיך פילט אזא מין אומרו,
...לויפט א הירש צום טיפן יעניסיי
אָפּוואשן און אָפּקילן די וונדן.

ס'האָט קאָנטיק בלוט אסאך פון אים געגאָסן,
ווײַל לאנג און שווער פון טונדרע איז דער וועג,
ס'האָט מײַן געליבטער דאָרט אין אים געשאָסן
דעם דריטן טאָג אז ער איז אפ געיעג...

כ'וועל גיין צום הירש, און הויפנס פרישע וואסער
אין זײַנע טיפע וונדן טאָן א גאָס,
און ווען דאָס ריינע בלוט וועט זיי פארוואשן
וועל איך אים דעמלט אויסהיילן מיט גראָז.

און אז ס'וועט קומען דער געליבטער, כ'וועל דערציילן,
אז ס'איז יענער הירש אין סטאדע בא מיר דאָ,
אז אלע וונדן קען מען גיך פארהיילן
אויב נאָר קיין וונד אין הארץ עס איז ניטאָ.

## כ'האָב אזוי גוט

כ'האָב אזוי גוט געשפילט אין דאָמינאָ,
און דעם דריטן מאָל שפילט אויס בא מיר דער כאווער,
דו ביסט פאראן און אומעטום ניטאָ,
נײַקע, פארברענטע קוטשעראווע.

כ'האָב ניט געוווּסט און הויב ערשט אָן צו וויסן,
ווי מעכטיק און ווי גרויס א ליבע איז...
אַוונט... שטיל... עס זינגען ערגעץ פישער
איך און דו און זעגלען אפ אירטיש.

דערנאָך אירקוטסק, מײַן אָפּפאָר, דער פעראָן,
דורך טונעלן ליכטיקע עקספרעסן,
האָסט געוווּסט, אז די צעשיידונג הויבט זיך אָן,
איך האָב געפילט, עס ווערט די ליבע גרעסער.

דו ביסט ניטאָ, איז ווער וועט דיך פארבײַטן?!
דו ביסט ניטאָ, איז ווער וועט מיך פארשטיין?!
דאָרט ווו דו שוין ווערט דער רעטעך צײַטיק,
דאָ ווו איך, פארקויפט מען פרישן כריין.

דו ביסט פאראן און אומעטום ניטאָ,
טײַערע, פארברענטע, קוטשעראווע
כ'האָב אזוי גוט געשפילט אין דאָמינאָ
און דעם דריטן מאָל שפילט אויס בא מיר דער כאווער.

## ווען ווילדע ענטלעך...

ווען ווילדע ענטלעך זײַנען נידעריק געפלויגן
און מיט די פליגלען דעם קאמיש געדראָט,
האָט אָן אופהער דעמלט מיך געצויגן
אין דער נײַער אופשטײַגנדער שטאָט.

און כ׳האָב געאייפערט יענע קלומבעס גרינע,
יענעם הויכן רויטן סעמאפאָר,
וואָס פירט צום שטאָט ווי שטענדיק אין באגינען,
פלעכטן זשוקלעך אין זיך אײַן די האָר.

ווי אין שטילן בײַאמורן אָוונט,
א פארליבטער שווימסט ערגעץ אוועק,
און הערסט זיך אײַן ווי ערגעץ נאָענט, נאָענט,
איר שאלאנדע יאָגט זיך נאָך פון ברעג...

נאָר די ענטלעך זײַנען אלץ געפלויגן
און ניט געוווסט און וויסן ניט געוואָלט,
אז ס׳האָט אין שטאָט אין יענער מיך געצויגן,
וווּ מיט ליבע פאר צעשיידונג כ׳האָב געצאָלט.

מ׳ישע טײַטש

# מעטריקעס *)

פאראַנ געלערנטע, וואָס שטעלנ די עקזיסטענצ פונ גרויסנ שעקספיר אונטער א סאָפעק—מעגלעכ, זאָגנ זיי, אז א מענטש מיט אזא נאָמענ איז גאָר אפ דער וועלט ניט געווענ. אינ דעמ זינ איז מײַנ לאגע אינ דער געשיכטע פונ די מיליארדנ מענטשנ, וואָס קײַקלענ זיכ אָנ אופהער דורכ דעמ דורכגאַנג פונ דער קעגנוואַרט אינ דער פארגעסנקײַט אריַנ, ניט אינ פארגלײַכ א מער זיכערע. די עקזיסטענצ פונ מײַנ ווייניקײַט בלײַבט אפ „אײביק” אומבאַשטרײַטבאַר.

אָבער אויב דער פאַקט פונ מײַנ קומענ אפ דער וועלט איז א זיכערער, אונ דערמיט קענ איכ דרייסט שטעלצירנ, ניט מוירע האָבנדיק פאר קיינעמ, וואָס זאָל דאָס קענענ אָפלייקענענ, איז אסאַכ איידעלער די פראגע וועגנ דער דאטע פונ מײַנ געבאָרנ ווערנ—אָט דאָ איז דער שוואַכסטער פונקט פונ מײַנ ביאָגראַפיע: ווענ איכ בינ געבאָרנ געוואָרנ ווייס איכ אליינ ניט, אונ קיינער וועט שוינ קיינמאָל ניט קענענ פעסטשטעלנ אָט דעמ אנטשיידנדיקנ מאָמענט אינ מײַנ לעבנ. ווענ איכ זאָל זײַנ אנ אויסנאַמ אינ דעמ זינ, וואָלט איכ אינ הארצנ דערפונ, פארשטייט זיכ, האנאָע געהאַט,—וועמענ איז ניט אָנגענעמ צו זײַנ אנ אויסנאַמ?—אָבער מײַנ באַשיידנקײַט וואָלט מיר ניט דערלויבט וועגנ דעמ צו פארשפרייטנ זיכ. נאָר דעמ זעלבנ גורל האָט מיט מיר געטיילט צו יענער צײַט אויכ א גרויסער טייל פונ גאנצנ יידישנ דאָר. דעריקער איז בא אונדזערע טאַטעס געווענ—האָבנ קינדער, אונ אסאַכ. צי איז דאָס קינד געקומענ אפ דער וועלט מיט א יאָר פריער, צי מיט א יאָר שפּעטער—וואָס איז די נאפקעמינע? יידנ האָבנ געוווסט, פארשטייט זיכ, אז ס׳איז פאראַנ א רעגיסטראַציע פונ נײַ־געבאָרענע, אז דער קייסער וועט מיט דער צײַט זיי א פאָדער טאָנ זיי זאָלנ גיינ אינ סאָלדאַטנ. אָבער יידנ זײַנענ דענ מעכוייעוו געווענ צו טראַכטנ וועגנ קייסער? יידנ האָבנ געהאַט וויכטיקערע זאָרג אפ די קעפּ.

בא מײַנ שוועד, געדענקט איכ, איז געבאָרנ געוואָרנ א זונ מיט אנ אויסגעקרימט קעפּל. דאָקטוירימ האָבנ געזאָגט, אז מיט גאָר א קליינער אָפּעראַציע קענ מענ דאָס באַזײַטיקנ, דעריקער דערמיט ניט פארציענ, מײַנ שוועד האָט זיכ אָבער אײַנגעשפּאַרט: קיינע אָפּעראַציעס! עס וועט צוניצ קומענ צומ פּריזיוו... מײַנ ווײַטזיכטיקער שוועד איז געווענ גערעכט: צומ פריזיוו איז דאָס טאַקע צוניצ געקו-

*) פונ מ׳ישע טײַטשס ליטעראַרישער יערושע

מען—מען האָט אים פאַרבראַקירט. אָבער דער קאָפּ איז באַם גליקלעכן פּריזיוווניק געוואָרן אַלץ קרומער...

אַזעלכע ווי איך, וואָס זייער געבאָרן ווערן איז ניט געווען פאַרעגיסטרירט, האָבן ביז אַ צײַט געלעבט ווי עמעסע קאָנטראַבאַנדע. דעם רעבן אין כיידער איז געווען גענוג דער פאַקט, וואָס מע צאָלט פאַר מיר סכאַר־לימעד, הייסט עס, אַז איך עקזיסטיר אַפּ דער וועלט. אָבער ווען מײַן טאַטע (אַ מאַסקיל געווען) האָט מיר געפּרוווט אָפּגעבן אין אַ שול (אַ רוסישע, קיין ייִדישע שולן זײַנען דאַן ניט געווען) און ער האָט, קעדיי צום באַווײַזן וועגן ווען עס האַנדלט זיך, מיך אויך מיטגענומען, האָט דער שול־פאַרוואַלטער אַפילע אין מײַן זײַט ניט אַ קוק געטאָן. ער האָט נאָר אויסגעשטרעקט צום טאַטן די האַנט: פּאַפּירן! צו וואָס דאַרף ער פּאַפּירן, אַז דער באַלדאָוואָר אַליין איז אַפּ אַן אָרט? די קאַשע איז באַם טאַטן געבליבן שטעקן אין האַלדז ניט קיין געפּרעגטע: דער שול־פאַרוואַלטער האָט געטראָגן מעשענע קנעפּלעך, ער איז געווען אַ קאַזיאָנער מענטש, און קאַשעס אַזאַ מענטשן איז פאַר מײַן טאַטן געווען ניט שאַיעך...

דער טאַטע איז גלײַך אַוועקגעפלויגן, ווי ער איז געווינט געווען צו טאָן אין אַלע ענלעכע, שווערע פאַלן פון זײַן לעבן, צו זײַן מעשטשאַנסקע סטאַראָסטע קיין וואָראָנאָוואָ (ווילנער גובערניע, לידער אויעזד).—דער מעשטשאַנסקע סטאַראָסטע איז באַוווּסט געווען פאַר אַ מענטש וואָס קען אַלץ, און פאַר אַ דרײַערל (אַ דרײַערל אין דער ליטע איז דאַמאָלסט געווען אַ גרויסע מאַטבייע—פאַר דרײַ קאָפּיקעס אַ טעלער זופּ, צוויי קאָפּיקעס ברויט האָט אַ ליטווישער ייִד אָפּגעגעסן מיטאָק אין אַ „רעסטאָראַנ״) איז דער טאַטע אַפּמאָרגן געקומען צוריק מיט אַ פּאַפּירל, ווו עס איז געווען שוואַרץ אַפּ ווײַס אָנגעשריבן, אַז אַזאַ און אַזאַ מיטן נאָמען מאָווּשאַ, מיטן פאָטערס נאָמען כאַימאָוויטש עקזיסטירט ווירקלעך און איז אַלט אַזויפיל און אַזויפיל יאָרן. דער פאַרוואַלטער האָט מיט אַן אומצופרידענער מינע אַ דריי געטאָן דאָ פּאַפּירל אַהין און אַהער—עס איז געווען גאָר ניט דאָס, וואָס ער האָט געמיינט—ער האָט געמיינט, איינגנטלעך, אַ מעטריקע. אָבער עס איז רעכט געוואָרן.

די פראַגע וועגן אַ מעטריקע איז אָבער דערמיט ניט געווען געלייזט און זי האָט זיך פאַר מיר געשטעלט אין דער גאַנצער ג־ויס ווען איך האָב פאַרענדיקט די שול און איך האָב זיך געדאַרפט עקזאַמינירן אין ווילנער ייִדישן לערער־אינסטיטוט. דאָ זײַנען שוין קיין סוראָגאַט־פּאַפּירלעך ניט אָנגענומען און מען האָט געמוזט צושטעלן אַ מעטריקע—מאַמעש אָן אַ מעטריקע דערלאָזט מען ניט צום עקזאַמען. איז ווו נעמט מען אַן עמעסע מעטריקע? מײַן טאַטע פליט ווידער אין וואָראַנאָוואָ צו דעם וואָס קען אַלץ—צום מעשטשאַנסקע סטאַראָסטע. ער האָט באַרויִקט—עס וועט קאָסטן אַ צענערל. וויאַזוי? גאָר פּאָשעט, די רעפּוע איז געקומען פאַר דער מאַקע. אַזוי ווי מעטריקעס האָבן געדאַרפט האָבן אַסאַך טאַטעס איז אין איין שיינעם טאָג די גאַנצע אופּראַווע (אין לידע) פאַרברענט געוואָרן און צוזאַמען מיט איר אַלע מעטריקעס־ביכער... מער קיין נײַע מעטריקעס האָט מען ניט געקענט אַרויסגעבן—ניטאָ פון וואַנען אַראָפּצושרײַבן! דערפאַר אָבער האָט זיך איצט געעפנט אַ ברייט פעלד צו פאַבריצירן זיי אין אַן אומבאַגרענעצטער צאָל מיט דאַטעס, וועלכע מען האָט נאָר געדאַרפט. עס האָט זיך געעפנט אַ גאַנצער מעטריקעס־

סרעסט, וואָס די אקציאָנערן זײַנען געווען די שטאָט־אופראווע, דער קאזיאָנער ראָוו און דער מעשטשאנסקע סטאראָסטע אלס פארמיטלער. די גאנצע מאשינעריע איז דאָ באשטאנען אין א טינטער מיט א פען און אלטע צעקנייטשטע, דעריקער פארגעלטע, בויגנס פאפיר מיט א פלעשל וואסערדיקע טינט.

אז מײַן טאטע האָט געבראכט, צו מײַן גרויסער סימכע, די אזוי נייטיקע מעטריקע, האָט זי געהאט אן אויסזען, ווי מע וואָלט זי טאקע אָפגעהאלטן אין קעשע־ב׳ע פון זינט איך בין געבאָרן געוואָרן. זי איז געצייכנט געווען מיט א דאטע פון פופצן יאָר צוריק. אזא מעטריקע, אז מע פלעגט דערלאנגען אין אן אנשטאלט, פלעגט מען א קרים טאָן מיט דער נאָז: א, א לידער מעטריקע? לידער מעטריקעס האָבן געהאט א שעם... אָבער אזוי ווי פאָרמעל איז אלץ געווען אין אָרדענונג און כאפן בא דער האנט האָט מען קיינעם ניט געקענט (און ניט געוואָלט, ווײַל פאלשקײַט און כאבאר איז געווען דער אָנשפאר פון דער סיסטעם), זײַנען די מעטריקעס אוועק פאר גוט געלט. איך בין אָנגעקומען אין אינסטיטוט.

דאָס וואָס מײַן מעטריקע איז געווען א פאלשע האָט זיך נאָכדעם אויסגעלאָזן גאָר פאר א מײַלע: ווען זי האָט נאָר געקענט עפעס נעמען שטערן האָט זי אופגעהערט עקזיסטירן... אזא מאָמענט איז אָנגעקומען ווען איך האָב זיך געדארפט שטעלן צום פריזיוו. מײַן טאטע האָט געהאלטן, אז וואָס גיכער איך וועל אראָפאפערן דעם פריזיוו אלץ גלײַכער וועט זײַן. און ער האָט באשלאָסן מיר צושטעלן מיט א יאָר פריִער—קיין מעטריקע איז ניטאָ, דארף מען שאצן מײַנע יאָרן. דער טאטע האָט זיך ניט אָפגענארט: מען האָט מיך אָפגעשאצט צו שטעלן זיך נאָך דעם זעלביקן יאָר. אָבער גיין דינען דעם קייסער איז אויך ניט קיין קונץ—א קונץ איז זיך ארויסדרייען. אינדערעמעסן האָב איך זיך גאָרניט געדארפט ארויסדרייען. מײַן טאטע איז צו יענער צײַט שוין געווען א קראנקער, און מײַן ייִנגערער ברודער איז נאָך ניט אלט געווען קיין זעכצן יאָר. בא אזא לאגע האָב איך געהאט א קאָשערע להאָטע. אָבער מײַן ברודער איז ווידער געווען אָן א מעטריקע, און זײַנע יאָרן האָט מען אויך געדארפט שאצן. עס איז געווען מער ווי זיכער, אז באם שאצן וועל איך מײַן להאָטע פארשפילן—מײַן ברודער האָט אויסגעזען עלטער פון זײַנע יאָרן. וואָס טוט מען? לויפט דער טאטע אין זײַן אויסגעטראָטענעם וועג—אין וואָראָנאווע, צו דעם וואָס קען אלץ, און ער ראטעוועט ווידער. ער הייסט ברענגען ניט דעם צווייטן ברודער נאָר דעם דריטן (ברידער האָב איך געהאט אפ אויסצוקלײַבן) און גיט אים ארויס א פאס אפן נאָמען פון צווייטן. פון גרעסערער זיכערקײַט וועגן הייסט ער אים טאקע דאָ אפן אָרט זיך אונטערשרײַבן מיטן עלטערן ברודערס נאָמען: צ א ל ע ל. מיט דעם אונטערגעשטעלטן ברודער בין איך מיטן טאטן אוועק אין „פריסוטסטוויע". מיר, געדענק איך, האָט שטארק געקלאפט דאָס הארץ בא דער נארערײַ. און אָט נעמט מען אפן פאָרהער מײַן ברודער:

— ווי רופט מען דיך?

אָט—אָט—איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן—רופט ער אָן זײַן עמעסן נאָמען, און מיר זײַנען אלע פארלאָרענע! אין דער רעגע, וואָס האָט געדויערט ביז ער האָט געענטפערט, האָב איך זיך געפילט ווי איך וואָלט געשטאנען באם ראנד פון א פײַערשפײַענדיקן בארג און אָט־אָט פאל איך ארײַן אין די פלאמען. מײַנע

ליפנ, וואָס האָבנ מיר גענומענ שטארק טריקענע, האָבנ אומהערבאר גערופנ דעמ נאָמענ...

— צאלעל—האָט ער אינ דער רעגע אזוי ווי פונ מײַנע ליפנ אראָפּגעכאפּט.

„מאָלאָדיעצ, בערל”, (מע האָט אימ אינדערעמעסנ גערופנ בערל) האָב איכ אימ אינ הארצנ הייס באגריסט. דער סאמע קריטישער מאָמענט איז אריבער, אונ איצט האָב איכ שוינ געקענט זײַנ רויִקער.

— שרײַב זיכ אונטער—הייסט מענ אימ.

דערפאר האָב איכ שוינ ניט מוירע געהאט. ער האָט ניט באוויזנ ארויסצופירנ די ערשטע צוויי אויסיעס, ווי מענ האָט אימ געזאָגט: גוט, גענוג.

דער נאָמער איז אראָפּ גלענצנדיק. איכ בינ א באפרײַטער געפאָרנ אהיימ. פארנ אָפּפאָרנ האָט אונדז דער סטאראָסטע אָפּגעגעבנ מאזלטאָוו, אונ ער האָט אָנגעזאָגט: דעמ פאספאָרט מיט דער פאלשער כסימע גלײַכ פארברענענ אונ אָנגעבנ א מעלדונג אינ נאָמענ פונ עמעסנ ברודער וועגנ ארויסגעבנ אנ אנדערנ, אָנשטאָט דעמ פארלאָרענעמ.

פונ דאמאָלסט אָנ האָט זיכ אינ מײַנ פאספאָרט געשריבנ דאָס יאָר פונ מײַנ געבאָרנ ווערנ, אויסגערעכנט לויטנ פריזיוו: 1882. אזוי ווי איכ האָב זיכ געשטעלט מיט א יאָר פריִער, איז קעדיי צו באקומענ מײַנע עמעסע יאָרנ, דארפ מענ פונ פאספאָרט אראָפּרעכענע א יאָר—א פראָסטער כעזשבנ. אונ שטארבנ וועל איכ מיט איינ יאָר ייִנגער פונ מײַנע אָפיציִעלע יאָרנ.

איכ געדענקט אימ נאָכ זייער גוט, דעמ הויכנ ייִדנ, מיט דער לאנגער געלער באָרד, דער מעשטשאנסקע סטאראָסטע פונ וואָראָנאָווע. דער וועג וואָס מײַנ טאטע האָט אויסגעטראָטנ צו אימ, איז מיר דערנאָכ צוניצ געקומענ. נאָכ עטלעכע מאָנאטנ זיצנ בינ איכ אינ יאָר 1907 פונ ווארשע ארויסגעשיקט געוואָרנ קיינ אויסלאנד. ווענ דאָס וואלגערנ זיכ אינ אויסלאנד איז מיר נימעס געוואָרנ אונ איכ האָב דורכ־געשמוגלט די גרעניצ אפּ צוריק, האָט זיכ פאר מיר די ערשטע זאכ געשטעלט הארב די פראגע וועגנ א פאס... זוכנ א פאלשיוויקע? דאָס האָב איכ געוווּסט, וועל איכ ניט פארשפּעטיקנ. האָב איכ געכאפּט אינ קעשענע דעמ טראדיציאָנעלנ דרײַערל אונ בינ אוועקגעלאָפּנ אינ וואָראָנאָווע. געוויס האָט דער סטאראָסטע געוווּסט פונ מײַנ ארעסט מיט אלע מײַנע שווערקײַטנ. אָבער ער איז געווענ גענוג טאקטיש דער מענטש אונ מיר קיינ איינ זײַטיקע פראגע ניט געשטעלט. נאָכ דעמ זעלבנ טאָג האָב איכ באקומענ דעמ געגארטנ, קאָשערנ פאספאָרט אפּ מײַנ אייגענעמ נאָמענ. איינ אייצע האָט ער מיר געגעבנ: אָפּטראָגנ זיכ וואָס ווײַטער. די אייצע האָב איכ נעפאָלגט—איכ האָב זיכ אריבערגעפּעקלט אויש קיינ בעסאראביע.

מיט אָט דעמ פאספאָרט האָב איכ אָפּגעלעבט סאמע ביז דער רעוואָליוציע. זײַנ גאנצע לינקע זײַט איז געווענ פארפולט מיט אײַנמעלדונגענ פונ די פארשיידנסטע שטעט, וווּהינ דאָס לעבנ האָט מיכ נאָר אומגעוואָרפנ. פונ אלטקײַט אונ אָפּגעניצט־קײַט איז ער שוינ געווענ צעפאלנ אפּ פיצלעכ. ניט איינמאָל האָב איכ אימ גע־קלעפּט אונ איבערגעקלעפּט. ער האָט מיכ אויכ באגלייט אלע יאָרנ פונ דער מיל־כאָמע אונ היימלאָזיקײַט, ביז ענדלעכ ער האָט געפונענ זײַנ רו, שוינ נאָכ דער

רעוואָליוציע, אינ די ארכיוונ פונעם ניַינטנ מיליציע־אָפּטייל אינ מאָסקווע, ווו מענ האָט מיר אימ אויסגעביטנ אפ אנ ארבעט־ביכל.

צומ אָנדענק פונ דעמ דאָזיקנ פּאספּאָרט אונ דעמ מעשטשאנסקע סטאראָסטע פונ וואָראָנאָוואָ האָב איכ מיט יאָרנ צוריק אָנגעשריבנ א מינ הומאָריסטישע פּאָעמע אונטערנ נאָמענ. „מיַינ פּאספּאָרט אָלעוו האשאָלעמ".

---

## פּאָליטיק

מע פּאָדערט, זאָגט איר, איצטער פונ א שריַיבער פּאָליטיק, אונ איר זיַיט ניט צופרידנ. אָט הערט וועל איכ דערציילנ פונ אמאָל.

שטילער, שטילער שאָקלט עס דאָס בלאָנד געלאָקטע קעפּעלע,
דאָס קליינינקע בעריאָזקעלע אונ דאוונט אָנ א שיר,
יעדעס בלעטעלע אירס שעפּטשעט שטיל א טפילע —
זיַי־זשע קליינ בעריאָזקעלע מיספּאלעל אויכ פאר מיר.

אביסל וועגנ גאָט, אביסל וועגנ דער נאטור, אונ דאָס איבעריקע קליינשטעטל־דיקע וועלט־שמערצ. דאָס איז א מוסטער פונ דער יידישער קלוימערשט אפּאָליטי־שער פּאָעזיע. אנאלאָגישע מוסטערנ קענ מענ ברענגענ גענוג אויכ פונ דער ליטע־ראטור פונ אנדערע פעלקער. אז אונטער דער מאסקע פונ גאָט אונ נאטור באהאלט זיכ די סאמע רעאקציאָנערע פּאָליטיק, האָבנ זיכ די בייזוויליקע געמאכט ניט וויסנ־דיק אונ די נאיווע האָבנ טאקע ניט געוווסט. דאָס לאנד האָט געהערט צו דער בור־זשואזיע, אונ די טעאָריעס האָט זי זיכ אָנגעשטרענגט זאָל הערשנ אירע. טאָמער פלעגט א קונסטווערק אָפּנ קעמפנ פאר פריַיהיַיט אונ פריַיהיַיט־אידייענ, איז דאָס שוינ געווענ ניט קיינ „קונסט" נאָר „פּאָליטיק". דאָס איז געווענ אומריינ. דער קוואל פונ אָט דער „אומריינער" ליטעראטור איז קיינמאָל ניט געווענ פארשטאָפּט— דאָ אונ דאָרט פלעגט ער זיכ שטענדיק אדורכריַיסנ, אפילע אינ די רעאקציאָנערסטע ציַיטנ, מיט הערלעכע ווערק. די דאָזיקע ווערק פלעגנ ווערנ פארשריַיענ, די שריַי־בער פארשריַיענ, ניט זעלטנ פארפיַיניקט—ניט זיי האָבנ געשאפנ דעמ ליטערארישנ וועטער.

עס איז ניט קיינ אָנגענעמע זאכ מוידע זיַינ זיכ אינ די נארישקיַיטנ פונ דער אייגענער יוגנט. אָבער די ניַיע יוגנט שטייט אזוי מיט ביידע פיס אפ דער ערד, אונ אזוי שטאָלצ שפּארט זי מיטנ קאָפּ אינ הימל, אז עס שאפט מוט אויכ דער אלטקיַיט.

דער לעצטער מאָדע־אויסגעשריי אינ דער יידישער ליטעראטור זיַינענ דאמאָלסט געווענ די מאָדערניסטנ—איכ האָב זיכ צו זיי צוגעשאדכנט. דאָס ווירקלעכע לעבנ האָבנ די מאָדערניסטנ אָפּגעוואָרפנ אָנ א זיַיט, ווי אנ ארומגעגריזשעטנ, אומניצלעכנ ביינ, אָפּגעוואָרפנ מיט פאראכטונג פאר די פּאָליטישע פּארטייענ: רײַסט זיכ, פּיגמיי־עלעכ, ריַיסט זיכ!.. טיטאנענ לאָזנ איבער פאר זיכ די הויכע, די שטאָלצע, די קריש־טאָל־ריינע קונסט.

איך האָב געבראכט אין רעדאקציע א נאָוועלע. דאָס איז געווען ביים די גע־שעענישן פון פינפטן יאָר. איך בין געווען יונג, די נאָוועלע איז געווען נײַ, אָבער צו די געשעענישן האָט זי געהאט דעם זעלבן שײַכעס, ווי זי וואָלט געקענט האָבן, לאָמיר זאָגן, צו די געשעענישן פון „דויר האמאבל״. עס איז געווען א מאָדערניס־טישער עקספערימענט. אָבער אזוי ווי קיין ריינע אבסטראקציעס אין דער קינס־טלערישער ליטעראטור קען ניט געמאָלט זײַן, האָט די נאָוועלע פון יויצע וועגן, אויך געהאט אן אינהאלט: ער—אן אײַזקאלטער, זי א הונדערטפראָצענטיקער ראָמאנטישער פלאטער, דאָס קינד—א קאָרבן פונעם טאטנס אײַזיקער קאלטקײַט. פאר דער רעדאקציע איז דאָס געווען געוואונטשענע סכוירע. די צײַט איז געווען ניט קיין באשטימטע, די לאגע האָט זיך געוואקלט הין און הער און די רעדאקציע האָט נאָך ניט געוווּסט, אין וועלכן זײַט זיך צו קערן... דאמאָלסט האָב איך דאָס ווייניק פארשטאנען, אלנפאלס, ניט געטראכט וועגן דעם. דער רעדאקטאָר האָט מיר פאר דער נאָוועלע שטארק געלויבט. קיין איין שרײַבער איז נאָך פון א רעדאק־טאָרס ליב־געזאגנגען ניט קליגער געוואָרן, אָבער גוטע רייד פון א רעדאקטאָר האָבן א שרײַבער שטענדיק געשמייכלט. דער רעדאקטאָר האָט גלײַך אָפּגעשיקט די נאָוועלע אין דרוק. די צײַטונג איז געווען א טעגלעכע—מאָרגן וועט זי דערשײַנען. דאָס איז געווען איינס פון מײַנע ערשטע האלבצענדליק ווערק. מײַן שטאָלץ האָט זיך געהייבן.

איך האָב שוין געוווּסט, אז עלטערע שרײַבער קומען שפעט אין אָוונט אין דרוק דורכקוקן די גראנקעס פון זייערע ווערק, וואָס וועלן זײַן גע־דרוקט אין לויפנדיקן נומער. ווי אן עמעסער געניטער שרײַבער לאָז איך ניט דורך די געלעגנהײַט. עס איז צוועלף באנאכט. און איך בין אין דרוק. עס איז ניט קיין קליינע זאָרג אפּ מײַן קאָפּ: די זעצער מיטן קאָרעקטאָר קענען מיר קאליע מאכן א גאנצע זאך—אזעלכע זאכן פאסירן, אָבער מאכן א קאָרעקטור האָב איך נאָך ניט געקענט. און ניט דאָס, אינדערעמעסן, האָב איך געהאט אין זינען. איך, א יונגער, זינדיקער מענטש, האָב פּאָשעט געוואָלט האנאָע האָבן פון די אָפּגעדרוקטע שורעס מיט א גאנצע נאכט פריער. מאָרגן וועט זיי זען „די גאנצע וועלט״—מײַן יונגער שרײַבערישער אומגעדולד האָט זיי געוואָלט זען נאָך הײַנט...

— מײַנע גראנקעס—האָב איך געזאָגט צום קאָרעקטאָר קימאט ווי צו אן איי־גענעם מענטשן, אָבער פונדעסטוועגן גאנץ קורץ. א שרײַבער דארף זיך טאקע ניט האלטן גרויס, אָבער...

— מיט אײַערע גראנקעס—ענטפערט דער קאָרעקטאָר, ניט אָפּרײַסנדיק זיך פון זײַן ארבעט—איז א מײַסע.

אין הארצן האָט מיר א שאָס געטאָן ווי מיט א ביקס:

— וואָס פאר א מײַסע?

אָבער דאָ איז מיר שוין אנטקעגן געקומען דער רעדאקטאָר אליין. פון זײַן באטאָגיקער צופרידנקײַט מיט מיר איז ניט געבליבן קיין סימען. ער איז געווען טרוקן ווי ביין. ער האָט ניט גערעדט, נאָר געקײַט מאָטשאלקע:

— אָט אפּ וואָס איך וואָלט זיך פון אײַך קיינמאָל ניט גערעכנט. איר האָט מיר אונטערגעפירט מיט דער צענזור.

„מיט דער צענזור“?

אַט וואָס פאר מיר איז געווענ אומדערוואַרט! דער כשאַד אפ מיר איז געווענ גאָר ניט קיינ פאסיקער אונ איכ ווייס ניט ווי צו רעאגירנ אפ אזא נארישנ כשאַד. ניט ווּיסנדיק וואָס צו טאָנ הייב איכ אָנ ריידנ אפ רוסיש:

— זא קאָוואָ ווי מעניא פרינימאיעטע?

פונ מײַנע אופריכטיקע דערקלערונגענ איז דער רעדאקטאָר אביסל אָפגעגאנגענ, אָבער גאָר ווייניק. ער איז נאָכ געווענ גענוג פארפראָרנ.

— מיט מיר—זאָגט ער—האָט איר ניט וואָס צו ריידנ, רעדט מיטנ צענזאָר.

א באליידיקטער אינ מײַנע בעסטע געפילנ, בינ איכ ניט אוועקגעגאנגענ צומ צענזאָר, נאָר אוועקגעלאָפנ. איכ בינ געווענ זיכער: צוויי-דרײַ ווערטער אונ די מיספארשטייעניש וועט קלאָר ווערנ. דער צענזאָר האָב איכ געוווסט, האָט פונ רעדאקציע א שטענדיקע „האכנאָסע“, איכ בינ געווענ זיכער אינ דערפאָלג.

דער צענזאָר האָט מיכ גערולדיק אויסגעהערט. איכ רייד אונ ער נעמט ניט אראָפ פונ מיר די אויגנ. אָט דער לאנגדויערנדיקער קוק זײַנער איז מיר, דעמ עמעס געזאָגט, ניט שטארק געפעלנ געוואָרנ. ער האָט געקוקט אפ מיר מיט א גוטמוטיקנ שמייכל פונ א מענטשנ, וואָס ווייסט, אז מע וויל אימ אָפנארנ, נאָר עס איז אומזיסט: אָפנארנ וועט ער זיכ ניט לאָזנ.

— האָט איר שוינ געענדיקט?—פרעגט ער מיר מיטנ זעלביקנ רויִקנ שמייכל, ווענ איכ בינ אנשוויגנ געוואָרנ—איצט הערט אויס, וואָס איכ וועל אײַכ זאָגנ. אָט הערט. דער אײַזקאלטער איז—די זעלבסטהערשונג, די שוואכע פרוי איז—רוסלאנד, אונ דאָס קינד, וואָס קומט אומ, איז—די קאָנסטיטוציע. וועמענ גייט איר דאָ פארריידנ די ציינ?

ווי האָט דענ געקענט זײַנ א גרעסערע פארשוועכונג פונ דער „הייליקער“ קונסט ווי אזא אויסטײַטשונג פונ מײַנ אומשולדיקער נאָוועלע!

איכ בינ געבליבנ מיט אנ אָפענער מויל אָבער אינגאנצנ אָנ ווערטער.

פארנ צענזאָר, פארקערט, איז אלצ געווענ קלאָר אונ גלאט. נאָכדעמ ווי ער האָט מיכ געכאַפּט פאר דער האנט, איז ער מיט מיר געוואָרנ א גוטער ברודער— מיר ארבעטנ דענ ניט בא איינ „פאכ?“

— עס איז אימ ניט אָנגענעמ פארנ רעדאקטאָר... אזא אָנשטענדיקער מענטש... עס איז אימ ניט אָנגענעמ פאר-מיר... ער איז אויכ א ייִד אונ פארשטייט אלצ זייער גוט... אָבער... בא מיר אינ ווערק איז אלצ אזוי אָפנ... ווענ איכ מאכ דאָס כאָטש אביסעלע פארשטעלט... יעדער איינער וואָלט אימ קענענ מאסערנ... וועלכער ייִד האָט דאָס ניט קיינ סאָנימ?

סאָפּקאָלסאָפּ איז דער אלמעכטיקער צענזאָר געווענ זייער נעבעכדיק. ער האָט גערעדט מיט מיר אפ ייִדיש אונ געציטערט פאר זײַנ שטיקל ברויט. ער איז געווענ א נישטיק שרײַפל אינ א גרויסער רעאקציאָנער-ביוראָקראטישער מאשינ.

אפ אלע זײַנע רייד האָב איכ געענטפערט זיכ אליינ: חי, נארישער מענטש, קענסטו אויסמײַדנ פאָליטיק, אויב די פאָליטיק מײַדט דיכ ניט אויס?

דאָס, קענ איכ זאָגנ מיט באפרידיקונג איז שוינ געווענ ניט אומזיסט.

.1934

סאלטיקאָוו-שטשעדרין

# דערווילדער פּאָרעץ

אין איינער א קעניגרײַך און אין איינער א מעלוכע האָט געלעבט א פּאָרעץ. געלעבט און געקליבן נאכעס פון דער ליכטיקער וועלט. אלץ איז בא אים געווען צו זאט: פויערים, און ברויט, ערד און סערער. א'נ געוועזן איז ער דער פּאָרעץ א נארישער, געליינט די צײַטונג „וועסט" און א קערפּער האָט ער געהאט א ווייכן, א ווײַסן און א קרוכקן.

מערניט, וואָס דער דאָזיקער פּאָרעץ האָט איינמאָל טפילע געטאָן צו גאָט:

— גאָטינקע! מיט אלץ בין איך צופרידן, מיט אלץ האָסטו מיר באשאָנקען, איין זאך קען מײַן הארץ ניט פארטראָגן: שוין צופיל האָט זיך צעפּלאָדיעט אין אונדזער קעניגרײַך דער פויער!

נאָר גאָט האָט געוווסט, אז דער דאָזיקער פּאָרעץ איז א נארישער, און האָט זיך נים צו געהערט צו זײַן געבעט.

זעט ער דער פּאָרעץ, אז פויערים קומען פון טאָג צו טאָג ניט אָפּ, נאָר קומען אלץ צו,—קוקט ער זיך צו און האָט מוירע: וואָס וועט זײַן, אז ער וועט מיך אינגאנצן אָפּעסן דעם קאָפּ?

קוקט זיך אריין דער פּאָרעץ אין דער צײַטונג „וועסט", קעדײַ זען וואָס מע טוט אין אזא פאל, און לייענט דורך: „פּלײַט זיך!"

— נאָר איין וואָרט איז אָנגעשריבן,—טוט זאָגן דער נארישער פּאָרעץ:—און ס'איז דאָך א גאָלדענער וואָרט!

און ער האָט זיך גענומען פּ'ײַכן און טאקע ניט אבי ווי, נאָר ווי עס געהער צו זײַן. פארבלאָנדזעט א פויערישע הון אין באלעבאטישן האָבער ארײַן, איז גלײַך איר, ווי עס געהער צו זײַן, אין זופּ ארײַן; האקט אָנעט א פויער, בישטיקע, א בערעמע האָלץ אין באלעבאטישן וואלד—ווערן גלײַך די דאָזיקע האָלץ געבראכט אפּן באלעבאטישן הויף, און פונעם שולדיקן ווערט אופגעמאָנט, ווי עס געהער צו זײַן, שטראף.

— איצטער וועל איך שוין מער ווירקן אף זיי מיט די דאָזיקע שטראפן!—זאָגט דער פּאָרעץ צו זײַנע שכיינים:—ווײַל דאָס פאסויפעט זיך זיי אין קאָפּ בעסער.

זעען די פויערים: כאָטש דער פּאָרעץ איז בא זיי א נארישער, נאָר א גרויסער סייכל איז אים געגעבן. ער האָט זיי אזוי פארענגט, אז ס'איז ניטאָ וווהין די נאָז

ארויסצושטעקן; וווּהין זיי גיבן נאָר א קוק—אלץ טאָר מען ניט און ס'איז פארבאָטן, און ס'איז ניט אײַערע. גייט ארויס א סקאָטינקעלע צום ברונעם אָנטרינקען זיך—שרײַט דער פאָרעץ: ס'איז מײַן וואסער! פארבלאָנקעט א הון הינטערן פלויט—שרײַט דער פאָרעץ: ס'איז מײַן ערד! די ערד, און דאָס וואסער, און די לופט—אלץ איז געוואָרן זײַנס. קיין קינעלע איז ניט פארבליבן דעם פויער אפן קאמין אָנצורצינדן, קיין ריטעלע ניט אפ אויסקערן די כאטע. האָבן טפילע געטאָן אלע פויערים אין איין קאָל צו דעם האר גאָט.

— גאָטעניו, בעסער זאָלן מיר פארפאלן ווערן מיט די קינדער די קליינע, איידער א גאנצן לעבן אזוי פאקוטעווען!

האָט דערהערט דער דערבארעמיקער גאָט דאָס געוויין און געבעט פון די יעסוימעם, און עס איז אינגאנצן נעלעם געוואָרן דער פויער אפן גאנצן שעטעך פון די גיטער ווו דער נארישער פאָרעץ האָט געהערשט. וווּהין איז אהינגעקומען דער פויער—האָט עס קיינער ניט באמערקט, מענטשן האָבן נאָר געזען ווי עס האָט זיך פלוצים אופגעהויבן א וויכער פון מעקענע, און פונקט ווי א שווארצער וואָלקן, האָבן זיך דורכגעטראָגן אינדערלופט די אייב-אייביקע פויערישע פליוערן. איז ארויס דער פאָרעץ אפן באלקאָן, א שמאָרע געטאָן מיטן נאָז און ער האָט דערשמעקט: אין אלע זײַנע גיטער איז געוואָרן א ריינע, קרישטאָל־ריינע לופט. נאטירלעך, אז ער איז געבליבן צופרידן. טראכט ער: איצט וועל איך ערשט אויסכאָליען מײַן ווײַסן קערפער, דעם ווײַסן, ווייכן, קרוכקן קערפער!

האָט ער גענומען לעבן און מאכן א לעבן און האָט גענומען טראכטן מיט וואָס זאָל ער די נעשאָמע זײַנע ווילטאָן.

„איך וועל פארפירן, טראכט ער בא זיך א טעאטער! איך וועל אָנשרײַבן צום אקטיאָר סאדאָווסקי: קום אקאָרשט צעפאָרן, זײַ אזוי גוט, ליבנסווירדיקער פרײַנט! און אקטריסעלעך ברענג מיט זיך!“.

האָט זיך צו אים צוגעהערט דער אקטיאָר סאדאָווסקי; אליין געקומען און אקטריסעלעך געבראכט. ער זעט מער ניט, אז באם פאָרעץ אין שטוב איז פוסט, און ס'איז ניטאָ ווער עס זאָל אײַנשטעלן דעם טעאטער און אופהויבן דעם פאָרהאנג.

— וווּהינזשע האָסטו אהינגעטאָן דײַנע פויערים?—פרעגט סאדאָווסקי באם פאָרעץ.

— אָט האָט זיך גאָט צוגעהערט צו מײַן טפילע און האָט אָפגערייניקט אלע מײַנע גיטער פונעם פויער!

— ביזט הייסט עס, ברודער, א נארישער פאָרעץ, ווער־זשע דערלאנגט דיר, דעם נאר, מיט וואָס צו אײַנוואשן זיך?

— אז איך גיי שוין ארום אָט וויפל טעג ניט קיין אײַנגעוואשענער!

— הייסט דאָס, אז דו קלײַבסט זיך צו אויסשפראָצן בא זיך אפן פאָנעם שאמפיאָנען?—האָט געזאָגט סאדאָווסקי. בא דעם דאָזיקן וואָרט איז ער אליין אוועקגעפאָרן, און האָט די אקטריסעלעך אוועקגעפירט.

האָט זיך דערמאָנט דער פאָרעץ, אז ער האָט דאָ אין דער נאָענט 4 באקאָנטע גענעראלן; טראכט ער: צוליב וואָס־זשע האלט איך עס אין איין אויסוואָרפן א

גראַנ־פּאַסיאַנס און ווידער א גראַנ־פּאַסיאַנס! לאָמיר נאָר א פּרוּוו טאָן מיט די גענעראלן זאלבאַפינפט א פּאָלקע—די אנדערע א שפּיל טאָן!

געזאָגט—געמאכט; אָנגעשריבן אײַנלאַדונגען, באַשטימט דעם טאָג און האָט צעשיקט בריוו לויטן אדרעס. די גענעראלן זײַנען געווען כּמעט עמעסע, נאָר הונגעריקע, און דעריבער זײַנען זיי זייער שנעל געקומען צופאָרן. געקומען צופאָרן—און זיי קענען זיך גאָר ניט אָנוואונדערן, פאַרוואָס איז יאם פּאָרעץ געוואָרן אזא ריינע לופּס.

— דאָס איז טאקע דערפאַר,—באַרימט זיך דער פּאָרעץ:—וואָס גאָט האָט צוגעהערט מײַן געבעט און אָפּגערייניקט אַלע מײַנע גיטער פונעם פויער!

— אַך, ווי גוט דאָס איז!—לויבן די גענעראלן דעם פּאָרעץ:—הייסט עס איצטער וועט שוין בא אײַך גאָר ניט זײַן דערדאָזיקער כלאָפּסקער רייעך פון די כלאָפּעס?

— א האָר ניט,—ענטפערט דער פּאָרעץ.

אָפּגעשפּילט א פּאָלקע, אָפּגעשפּילט א צווייטע; פילן די גענעראלן, אז ס'איז אָנגעשטאנען זייער צײַט בראנפן צו טרינקען, פאַלט אָן אף זיי אן אומרו, קוקן זיי זיך ארום.

— מיסטאָמע, האָט זיך אײַך, הערן גענעראלן, פאַרוואָלט צובײַסן?—פרעגט דער פּאָרעץ.

— עס וואָלט ניט געשאט, הער פּאָרעץ.

איז ער אופגעשטאנען פון טיש, צוגעגאנגען צום שאפע און גענומען פון דאָרטן ארויס צו צוקערקע און צוקערלעקעכל אף יעדן מענטשן.

— וואָס באַטײַט עס?—פרעגן די גענעראלן, אויסלופענדיק אָף אים די אויגן.

— אָט פאַרבײַסט דערמיט, וואָס גאָט האָט צוגעשיקט!

— מיר וואָלטן וועלן א שטיקעלע רינדנפלייש! רינדנפליישעלע וואָלטן מיר וועלן!

— נו, קיין רינדנפלייש איז בא מיר פאַר אײַך ניטאָ, הערן גענעראלן, ווײַל זינט גאָט האָט מיך אויסגעלייזט פונעם פויער, שטייט דאָס אויוועלע אפן קיך ניט געהייצט.

זײַנען אינקאַעס געוואָרן אף אים די גענעראלן, אזש אפילע די ציינער האָבן בא זיי גענומען קלאפן.

— דו אליין פרעסט דאָך עפּעס?—זײַנען זיי אָנגעפאַלן אף אים.

— איך שפּײַז זיך מיט טרוקנס, און אָט קאָלזמאַנ עס זײַנען נאָך דאָ לעקעכלעך...

— ווײַזט זיך ארויס, ברודער, ביזט טאקע א נארישער פּאָרעץ!—האָבן געזאָגט די גענעראלן, און נים פאַרענדיקנדיק די פּאָלקע, האָבן זיי זיך געלאָזן יעדערער צו זיך אהיים.

זעט ער, דער פּאָרעץ, אז שוין דאָס צווייטע מאָל ווי מע קריינט אים מיטן נאָמען נאַר, און ער האָט זיך שוין געוואָלט פאַרטראַכטן, נאָר אזוי ווי פּונקט אין דער צײַט האָט זיך אים געמאכט אונטער די אויגן די טאַליע קאָרטן האָט ער אף אַלץ א מאך געטאָן מיט דער האַנט און גענומען פאַנאַנדערלייגן א גראַנ־פּאַסיאַנס.

— מירן זען, זאָגט ער,—הערן ליבעראלן, ווער וועמען עס וועט בײַקומען!

איך וועל אײַך דערווײַזן, וואָס עס קען אופטאָן די עמעסע פעסטקײַט פון דער נעשאָמע.

צעלייגט ער דעם „דאמען קאפריז“ און טראכט: אויב עס וועט אויספאלן דרײַ מאָל נאָכאנאנד, הייסט עס דארף מען אפ גאָרנישט ניט קוקן. און ווי אפ צעלאָכעס, חיפל מאָל ער לייגט ניט פאנאנדער—קעסיידער באקומט זיך בא אים... באקומט זיך קעסיידער! בא אים איז אפילע קיין מינדסטער סאָפעק ניט איבערגעבליבן.

— אויב—זאָגט ער די פאָרטונע אליין ווײַזט שוין אָן אזוי, דארף מען, הייסט עס, פארבלײַבן פעסט ביזן סאָף. און איצטער, דערווײַלע, איז גענוג צו פאנאנדער־לייגן דעם גראן־פאסיאנס, כ׳וועל גיין, כ׳וועל פארנעמען זיך מיט עפעס.

און אָט גייט ער, שפּרײַזט איבערן צימער, דערנאָך זעצט ער זיך צו און זיצט. און האלט אין איין טראכטן. ער טראכט, וואָס פארא מאשינעס ער וועט אויס־שרײַבן פון ענגלאנד, אלע זאָלן זיי ארבעטן אפ פארע, און דער כלאָפּסקער גײַסט זאָל גאַר ניט געדאכט ווערן. ער טראכט, וואָס פארא פרוכטן־סאד ער וועט פאר־פלאנצן: אָט דאָ וועלן זײַן בארן, פלוימען; אָט דאָ—פערסיקעס, דאָ,—וועלישע ניס! ער גיט זיך א קוק אין פענצטערל—ערשט דאָרטן איז אלץ ווי ער האָט פארטראכט, פונקטאלנע! עס ברעכן זיך, ווי לויט א קישעף־שפּרוך, אונטערן לאסט פון די פרוכטן דיביימער פון די בארן, פערסיקעס, אבריקאָסן, און ער וויס נאָר פון איין זאך, אראָפּנעמען מיט מאשינעס די פרוכטן און לייגן אין מויל ארײַן! ער טראכט וואָס פארא בעהיימעס ער וועט פארפירן, אז ניט קיין פעל ניט קיין פלייש וועט אפ זיי ניט זײַן, נאָר זיי וועלן באשטיין פון איינע מילך, נאָר מילך! ער טראכט וואָס פארא קלובניק ער וועט פארזעצן, א צווייענדיקן און א דרײַענדיקן, פינף יאגדעס גיילען אפ א פונט, און ויפל ער וועט פארקויפן פון דעם קלובניק אין מאָסקווע. לעסאָף, ווערט ער פארמאטערט טראכטנדיק, ער גייט צו צום שפּיגל א קוק טאָן אפ זיך—ערשט דאָרטן האָט זיך אָנגעלייגט שטויב אפ א ווערשאָק...

— סענקע, גיט ער פלוצים א געשריי—פארגעסנדיק אפ וואָסער וועלט ער איז, דערנאָך כאפט ער זיך און זאָגט:—נו, זאָל ביז א צײַט, ביז דער געהעריקער שאָ שטיין אזוי! און איך וועל שוין דערווײַזן, דיראָזיקע ליבעראלן, וואָס עס קאָן אופ־טאָן די פעסטקײַט פון דער נעשאָמע!

אזוי וועט ער אָפּקומען, ביז עס וועט פינצטער ווערן—און אוועק שלאָפן! און אין שלאָף זעען די כאלוימעס נאָך פריילעכער, ווי אפן וואָר. עס כאָלעמט זיך אים, אז דער גובערנאטער אליין האָט זיך דערוווּסט וועגן זײַן פריצישער אײַזן־פעסטקײַט און ער פרעגט באם איספראווניק; „א וואָסער—וועלכער פעסטער שיינער מענטשל האָט זיך עס פארפירט בא אײַך אין אויעזד?“ דערנאָך כאָלעמט זיך אים, אז פאר דער זעלבער פעסטקײַט האָט מען אים געמאכט פאר א מיניסטער, און ער גייט ארום אין סטענגעס, און שרײַבט צירקוליארן: זײַן פעסט און אפ גאָרנישט ניט קוקן! דערנאָך כאָלעמט זיך אים, אז ער גייט איבער די ברעגן פון פראָס און כי־דעקעל...

— כאווע, פרײַנט מײַנער!—זאָגט ער.

נאָר אָט האָט ער שוין אלע כאלוימעס איבערגעקוקט: מען דארף אופשטיין.

— סענקיו!—שרײַט ער ווידער פארגעסנדיק, נאָר פּלוצים דערמאָנט ער זיך... און נייגט אראָפּ דעם קאָפּ.

— מיט וואָס אָבער פארנעמט מען זיך? פרעגט ער בא זיך אַליין:—וואָלט כאָטש דער טײַוול פארטראָגן אהער א וואָסער ניט איז ניט־גוטן?

און ווי ער רעדט נאָר אויס דעם דאָזיקן וואָרט קומט פּלוצים צו פאָרן דער קאפּיטאן־איספראווניק אַליין. האָט זיך פון דעם דערפרייט דער נארישער פּאָרעץ; עס איז גאָרנישט איבערצוגעבן. ער איז צוגעלאָפן צו דער שאפע, ארויסגענומען צוויי צוקער־לעקעכלעך און ער טראכט: נו, דער דאָזיקער וועט, דאכט זיך, בלײַבן צופרידן!

— זאָגט, איך בעט אײַך, הער פּאָרעץ, וואָס פארא ווונדער האָט עס געטראָפן, וואָס אלע אײַערע צײַטווײַליק־פארפליכטעטע זײַנען פּלוצים נעלעם געוואָרן?—פרעגט דער איספראווניק.

— אָט אזוי און אזוי, גאָט האָט זיך צוגעהערט צו מײַן טפילע און האָט אלע מײַנע גיטער פונעם פויער לאכלוטן אָפּגערייניקט.

— אזוי, הייסט עס; און צי איז אײַך ניט באוווּסט, הער פּאָרעץ, ווער וועט צאָלן פאר זיי צינשן?

— צינשן?... זיי! דאָס וועלן זיי אַליין! דאָס איז זייער הייליקסטער כויוו און פליכט!

— אזוי, הייסט עס; און אַפּ וואָס פארא אויפן קען מען פון זיי אופמאָנען דעם דאָזיקן צינש, אויב זיי האָבן זיך צעזייט, לויט אײַער טפילע נאָך, איבער דער גאָר דער וועלט?

— דאָס... ווייס איך שוין ניט... איך, פון מײַן זײַט, בין ניט מאסקים צו צאָלן?

— צי איז אײַך באוווּסט, הער פּאָרעץ, אז די קאזנא קאָן ניט עקזיסטירן אָן צינשן און שטײַערן, ווער רעדט אָן די ווײַן און זאלץ־רעגאַליעס?

— נו וואָס, איך בין גרייט! א קעלעשעקל בראנפן! איכל באצאָלן!

— און צי ווייסט איר, אז אין אײַער כעסעד וועגן קאָן מען בא אונדז אפן מארק ניט קויפן ניט קיין שטיקל פליש ניט קיין פונט ברויט! צי ווייסט איר, מיט וואָס דאָס שמעקט?

— גאָט איז מיט אײַך! איך, פון מײַן זײַט בין גרייט צו אָפּפערן! אָט האָט איר צוויי גאנצע לעקעכלעך!—

— זײַט איר דאָך א נאר, הער פּאָרעץ!—האָט געטאָן זאָגן דער איספראווניק, האָט זיך אומגעקערט מיטן פּלייצע און אוועקגעפאָרן און האָט ניט א קוק געטאָן אפילע אפּ די צוקער־לעקעכלעך.

האָט זיך דאָס מאָל פארטראכט דער פּאָרעץ ניט אפּ צום פּלײַסן. אָט איז שוין דער דריטער מענטש וואָס קרויגט אים מיטן נאָמען נאר, שוין דער דריטער מענטש וואָס טוט א בליק, א קוק, שפּײַט זיך אויס און גייט אוועק. צי דען איז ער ווירקלעך א נאר? צי דען איז די פעסטקײַט, וועלכער האָט אזוי געצערטלט אין זײַן נעשאָמע, אויב מען זאָל זי איבערזעצן אפּ דער געוויינלעכער שפּראך, באטײַט זי נאָר נארישקײַט און וואנזין? צי דען האָבן זיך נאָר צוליב זײַן אײַזנפעסטקײַט, אָפּגע־

שטעלט די צינשנ אונ די רעגאַליעס, אונ ס'איז אומעגלעכ געוואָרנ צו קריגנ אפנ מארק גיט קײנ פונט מעל, ניט קײנ שטיקל פלײש?

אונ אזוי ווי ער איז געווענ א פּאָרעצ א נארישער, האָט ער אפריער אפילע אויסגעשאָסנ א געלעכטער פונ נאכעס, א טראכטאָנדיק וואָס פארא קונצ ער האָט אָפּגעשפּילט, נאָר דערנאָכ האָט ער זיכ דערמאָנט דעם איספּראַווניקס ווערטער: „אונ איר ווײסט, מיט וואָס דאָס שמעקט?" אונ ער האָט זיכ דערשראָקנ אפנ עמעסנ אויפנ.

האָט ער גענומענ, ווי געווײנלעכ, גײנ אָהינ אונ צוריק איבער די צימערנ אונ ער האַלט אינ אײנ טראכטנ: —מיט וואָס זשע שמעקט עס? צי שמעקט עס ניט מיט ארויסשיקנ, צ. ב. אינ טשעבאָקסארי? אָדער עס קענ זײַנ אינ וואַרנאַווינ?

— כאָטש אינ טשעבאָקסארי, וואָס מאכט עס אויס? די וועלט וועט זיכ לעכאָלע־פּאָכעס דערווײַזנ, וואָס עס הײסט פעסטקײַט פונ דער נעשאָמע: —זאָגט דער פּאָרעצ, אונ אלײנ טראכט ער אפילע בעסאָד פונ זיכ אַלײנ: אינ טשעבאָקסארי וואָלט איכ עפשער מײַנ ווילנ פויער דערזענ: עס שפּאַנט זיכ ארום דער פּאָרעצ אונ זעצט זיכ צו, אונ שפּאַנט ווײַטער. צו וואָס ער גײט ניט צו, אלצ דאכט זיכ רעדט צו אימ: ביסט טאקע א נאר, הער פּאָרעצ! זעט ער, עס לויפט איבערנ צימער א מײַזעלע אונ גאנוועט זיכ צו צו די קאָרטנ, מיט וועלכע ער האָט געמאכט א גראנ־פּאסיאַנס אונ ער האָט זײ שוינ גאנצ היפּש פארשמאָלצנ, קעדײ אופרעגנ מיט זײ דעם מײַזישנ אפּעטיט.

— קששש... האָט ער זיכ א וואָרפ געטאָנ צום מײַזעלע, נאָר דאָס מײַזעלע איז געווענ א קלוגס אונ האָט פארשטאנענ, אז דער פּאָרעצ קאָנ אימ אָנ סענקענ קײנ שום בײז ניט טאָנ. דאָס מײַזעלע האָט נאָר א דרײ געטאָנ מיטנ עקעלע אלס ענטפער אפנ בײזנ אויסגעשרײ פונעם פּאָרעצ אונ אינ א רעגע ארום האָט עס שוינ ארויסגעקוקט פונ אהינטערנ דיוואנ, פונקט ווי עס וואָלט זאָגנ: ווארט נאָר צו, נארישער פּאָרעצ! דאָס איז נאָכ גאָרנישט ניט ווערט! ניט נאָר די קאָרטנ, נאָר דײַנ כאלאַט וועל איכ אויכ אופעסנ, ווענ דו וועסט אימ פארשמאָלצנ ווי ס'געהערט צו זײַנ!

צי ס'איז דורכ אסאכ צײַט, צי ווײניק, נאָר ער זעט דער פּאָרעצ, אז אינ סאָד בא אימ זײַנענ אלע שטעגעלעכ מיט קראָפּעווע פארוואָקסנ, אינ די קוסטעס זײַנענ אָנגעפּיקעוועט מיט פארשײדענע שלאנגענ אונ עקדעשנ, אונ אינ פארק וואָיענ ווילדע כאַיעס. אײנמאָל איז צום סאמענ הויפ צוגעגאנגענ א בער, אוועקגעזעצט זיכ אפ די פּאָדערשטע צוויי לאַפּעס, קוקט ארײַנ אינ די פענצטערלעכ אפנ פּאָרעצ אונ טוט זיכ באלעקנ.

— סענקע! —האָט אויסגעשריענ דער פּאָרעצ, נאָר פלוצימ האָט ער זיכ געכאַפּט... אונ פאנאנדערגעווײנט זיכ.

די פעסטקײַט פונ דער נעשאָמע האָט אימ אָבער אלצ ניט פארלאָזנ. עטלעכע מאָל איז ער אָפּגעשוואכט געוואָרנ, נאָר ווי נאָר ער דערפילט אז דאָס הארצ נעמט בא אימ צעגײנ ווארפט ער זיכ באלד צו דער צײַטונג „וועסט" אונ אינ א מינוט ארום שטארקט ער זיכ ווידער.

— נײנ, כ'וועל בעסער אינגאנצנ פארווילדעוועט ווערנ, איכ וועל בעסער בלאָנ־

קענ איבער די וועלדער ווי די ווילדע כאיעס, נאָר קיינער זאָל ניט זאָגנ, אז דער רוסישער אדלמאנ, דער פירשט אורוס־קוטשום־קילגיבייעוו איז אָפּגעטראָטנ פונ זײַנע פּרינציפּנ.

אונ אָט איז ער פארווילדעוועט געוואָרנ. כאָטש אינ דער צײַט איז שוינ אָנגעשטאַנענ דער הארבסט, אונ עס זײַנענ געשטאַנענ גאנצ פײַנע פרעסטעלעכ, נאָר ער האָט אפילע ניט געפילט די קעלט. ער איז אינגאנצנ פונ קאָפּ ביז די פיס באוואָקסנ געוואָרנ מיט האָר, פונקט ווי דער אוראלטער אייסעוו, אונ די נעגל זײַנענ בא אים געוואָרנ פונקט ווי אײַזערנע. שנײַצנ דעם נאָז האָט ער שוינ לאנג אופגעהערט, ער איז שוינ דאָסראָוו געגאנגענ אפ אלע פיר אונ ער האָט זיכ אפילע פארוווּנדערט, ווי האָט ער דאָס פריער ניט באמערקט, אז שפּאצירנ אפ אזא אופנ איז אָנשטענדיקער אונ באקוועמער. ער האָט אפילע פארלאָרנ די פײַקײַט צו אויסברעגענ פארשטענדלעכע קלאנגענ אונ ער האָט זיכ אויסגעלערנט צו אויסשרײַענ עפּעס א באזונדערנ זיג־געשרײַ, וואָס איז געווענ דאָס מיטלסטע צווישנ א פײַפערײַ, שיפערײַ אונ רעוועריי. נאָר קיינ עק האָט ער זיכ נאָכ ניט אײַנגעשאפנ.

גייט ער זיכ ארויס אינ זײַנ פּארק, אינ וועלכנ ער האָט אמאָל געכאָויעט זײַנ קערפּער, דעם ווייכנ, ווײַסנ, קרוכקנ, ווי א קאצ קריכט ער ארופ אינ איינ אויגנבליק אפנ סאמע שפּיצ בוים אונ נעמט פונ דאָרטנ לויערנ. לויפט אָנעט א האָז, שטעלט זיכ אפ די הינטערשטע לאפּקעס אונ הערט זיכ צו, צי שטעקט ניט פונ ערגעצ קיינ געפאר,—באווײַזט ער זיכ באלד דאָ אפנ אָרט. פונקט ווי א פײַל שפּרינגט ער אראָפּ פונ אויבנ, עסט זיכ אײַנ אינ זײַנ הויט, צערײַסט עס מיט די נעגל, סאקע מיטנ אינגעווייד צוזאמענ מיטנ פעלכל אפילע אונ עסט אופ.

ער איז געוואָרנ שרעקלעכ שטארק, אפ אזויפיל שטארק, אז ער האָט אפילע אײַנגעפונענ, אז ער האָט די רעכט פארקניפּנ פרײַנטלעכע באציִונגענ מיט דעם זעלבנ בער, וועלכער האָט אמאָל געכאפּט אפ אים א קוק דורכנ פענצטער.

— דו הילסט, מיכײַלאָ איוואנאָוויטש, וועלנ מיר גיינ צוזאמענ אפ געיעג כאפּנ האָזנ?—זאָגט ער צומ בער.

— צי איכ וויל,—פארוואָס זאָל איכ ניט וועלנ!—האָט געענטפערט דער בער:—נאָר, ברודער, דו האָסט אומזיסט פארניכטעט דעם דאָזיקנ פויער.

— וואָסי—וואָס?

דערפאר, ווײַל דעם דאָזיקנ פויער איז אפ אסאכ־אסאכ הענטיקער געווענ צו אופּעסנ אים, איידער אײַער ברודער דעם פּאָרעצ. דעריבער וועל איכ דיר זאָגנ אָפנ: ביזט א נארישער פּאָרעצ, כאָטש דו ביסט מיר א פרײַנט!

דערווײַל האָט דער קאפּיטאנ־איספּראווניק, כאָטש ער איז געווענ א באשיצער פונ די פּריצים, נאָר אזא פאקט ווי דאָס פארשווינדנ פונ די פויערים פונ איבער דער ערד, אזא זאכ האָט ער שוינ ניט געקאָנט פארשווײַגנ.

די גאנצע גובערנסקע נאטשאלסטווע איז אופגערודערט געוואָרנ פונ זײַנ ראַפּאָרט, אונ זי שרײַבט צו אים: אונ ווי טראכט איר, ווער וועט איצטער ארײַנטראָגנ צינשנ? ווער וועט טרינקענ ווײַנ אינ די שענקענ? ווער וועט זיכ מיט די אומשולדיקע באשעפטיקונגענ פארנעמענ? טוט ענטפערנ דער קאפּיטאנ־איספּראווניק: די קאזנא דארפ מענ איצט אָפּשאפנ, אונ די אומשולדיקע באשעפטיקונגענ האָבנ זיכ

שוינ אליינ אָפּגעשאפּנ. אָנשטאָט זיי האָט זיכ פאַרשפּרייט אינ אויעזד גזיילע, רעציכע אונ מערדעריַי. די טעג האָט אפילע אים, דעם איספּראַווניק עפּעס א בער ניט קיינ בער, א מענטש ניט קיינ מענטש שיר ניט צעריסנ, אונ ער איז כּמעט, אז דער דאָזיקער מענטש־בער איז דער זעלבער נארישער פּאָרעצ, וועלכער איז דער שולדיקער אינ דער גאנצער מעהומע.

זײַנע אוסרויִק געוואָרנ די נאטשאלניקעס אונ האָבנ צונויפגעקליבנ אנ אסיפע... האָבנ זיי באשטימט: די פויערים אויסכאפּנ אונ צוריק ברענגענ, אונ דעם נארישנ פּאָרעצ, וועלכער איז שולדיק אינ דער גאנצער סמוטע געבנ אפּנ איידלסטנ אויפנ צו פארשטיינ, ער זאָל אופהערנ פּײַנע־בעריענ זיכ אונ ער זאָל קיינ מעניִעס ניט פארשאפנ, אז די ציִנשנ זאָלנ אָנקומענ אינ קאזנא ארײַנ.

ווי אפּ צעלאָכעס איז פונקט אינ דער זעלבער צײַט דורכ דער גוברניע־שטאָט דורכגעפלויגנ דער אופגערודערטער ביִנשטאָק מיט פויערים אונ האָט פארשאָטנ דעם גאנצנ מארק־פּלאצ. באלד האָט מענ דאָס דאָזיקע גוטס צונויפגעקליבנ, אוועקגעזעצט אינ א געפלאָכטנ שטײַגל אונ אוועקגעשיקט אינ אויעזד.

אונ פּלוצים האָט ווײַטער פארשמעקט איבערנ גאנצנ אויעזד מיט מעקענע אונ מיט טולופּלעכ; נאָר אינ דער זעלבער צײַט האָט זיכ אפּנ מארק באוויזנ סײַ מעל, סײַ פליײש אונ קאָלערליי באלכאִים, אונ ציִנשנ זײַנענ פאר איינ טאָג אָנגעקומענ אזויפיל, אז דער קאזנאטשיי, ווענ ער האָט דערזענ אזא סומע געלט האָט נאָר א פּאטש געטאָנ מיט פּאוווגדערונג אונ אויסגעשריִענ:

— אונ פונ וואנענ, שעלמעס, נעמט איר זיכ דאָס!

וואָס איז אָבער געוואָרנ מיטנ פּאָרעצ?—וועלנ מיר פרעגנ די לייענער. אפּ דעם קענ איכ זאָגנ, אז כאָטש מיט גרויס מי, נאָר מע האָט אים פאָרט געפּאקט. כאפּנדיק אים, האָט מענ אים גלײַכ אויסגערייניקט די נאָז, אָפּגעוואשנ אונ אָפּגעשניטנ די נעגל. דערנאָכ האָט אים דער קאַפּיטאנ־איספּראַווניק ווי געהעריק אויסגעמוסערט, אָפּגענומענ די צײַטונג „וועסט", איבערגעלאָזנ אים אונטער סענקעס אופזיכט אונ אוועקגעפאָרנ.

ער לעבט ביז הײַנטיקנ טאָג. לייגט פּאַנאַנדער א גראנ־פּאסיאנס, בענקט נאָכ זײַנ פריִערדיקנ לעבנ אינ די וועלדער, וואשט זיכ אײַנ, ווענ ער איז גענייט דערצו אונ פונ צײַט צו צײַט טוט ער רעווענ.

איבערזעצט—ע. קאהאנ

וו. קירפאָטין

# די באַדײַטונג פון סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס שאַפן.

סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס טויט האָט ארויסגערופן אן אַלגעמיינעם טרויער. אַלע ערנסטע לייענער זײַנע האָבן באוויינט דעם אַפּאָסטאָל פון הומאניזם, דעם טוינע פון דער זעלבסטהערשונג, דעם פאַרטיידיקער פון די ארבעטנדיקע. טשעכאָוו האָט געשריבן: „איך באַדויער סאַלטיקאָוון. דאָס איז געווען א פעסטער, שטאַרקער קאָפּ. דער אויסוווּרף־גײַסט, וואָס לעבט אינעם קליינלעכן, מאָראַליש אפּ דורך און דורך שווינדלערישן רוסישן אינטעליגענט פון מיטעלן שניט, האָט אין אים פאַרלאָרן דעם סאַמע אײַנגעשפאַרטן און אײַנגעגעסענעם סוינע". דער אַלגעמיינער מיטגעפיל צום סאַטיריקער און צו זײַנע ווערק האָט צערייצט די קאַזיאָנע פרעסע. די דאָזיקע פרעסע האָט געפּרוּווט באַשמוצן שטשעדרינס אָנדענק און פאַרמינערן די באַדײַטונג פון זײַן ליטעראַרישער טעטיקײַט. אירע ווערטער אָבער האָבן ניט זעלטן געקלונגען ווי א ניט ווילנדיקער לויב. „מאָסקאָווסקיִע וועדאָמאָסטי" האָבן פאַרעכנט דעם פאַרשטאָרבענעם שרײַבער צו די לעגאַלע טוער פון דער רוסישער רעוואָליוציע. „צי דען ניט פון שטשעדרינס ווערק—האָט געשריבן דער רענעגאַט ל. טיכאָמיראָוו—טראָגסטו ארויס מערער פון אַלץ אָט די פאַלשע איבערצײַגונג, אז אַלץ ארום אונדז איז, קלוימערשט, שלעכט, צעפוילט און נאַריש? צי דען ניט מיט שטשעדרינס ווערק פלעגט זיך פאַרכאַפּן און עס פאַרכאַפּט זיך איצט, צום באַדויערן, א באַדײַטנדיקער טייל פון אונדזער יוגנט? צי דען ניט אפּ שטשעדרינען ליגט דעריבער דער שווערער כיילעק פון דער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר יענע אומגליקלעכע יוגנטלעכע, וואָס זײַנען אָפּגעגעבן געוואָרן אפּ פאַרצוקט ווערן דורך די רעוואָליוציאָנערע טעאָריעס".

„מאָסקאָווסקיִע וועדאָמאָסטי" און ליעוו טיכאָמיראָוו האָבן ניט געוווּסט פון קיין מער שרעקלעכערע באַעולדיקונג, ווי דער אָנטייל אין פאַרשפּרייטן רעוואָליוציאָנערע אידייען.

ס'איז פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס די מאַכט־אָרגאַנען האָבן געקוקט מיט פאַרדאַכט אפּ יעטווידער אויסדרוק פון מיטגעפיל דעם פאַרשטאָרבענעם שרײַבער. אפּ די געלט־מיטלען צו פאַרייביקן שטשעדרינס אָנדענק און אפּ אָנטיילנעמען אין די

יאָרצײַטן איבערן פאַרשטאָרבענעם שרײַבער האָבן זיי רעאַגירט, ווי אַף רעוואָליוציאָנערע דעמאָנסטראַציעס.

אין די טרויער-אויסדרוקן וועגן דעם פאַרלוסט פון גרויסן שרײַבער האָבן אָנטײלגענומען פאָרשטײער פון די אַרבעטער. דאָס איז געווען גאָר אַ נײַע דערשײַנונג, וואָס האָט זיך צום ערשטן מאָל אַרויסגעוויזן אַף נעקראַסאָווס לעווײַע אין 1878 יאָר. צווישן די מענטשן, וועלכע האָבן געטראָגן דעם דיכטערס טרונע, זײַנען געווען אויך פּיטערער פּראָלעטאַריער. גלײַך אוספּענסקי האָט אין 1887 יאָר, אין די טעג פון זײַן 25-יאָריקן יובילײ, באַקומען אַ באַגריסונג-בריוו פון 15 אוראַלער אַרבעטער. אײניקע פון די מיטגעפיל-טעלעגראַמעס און בריוו, וועלכע עס האָט באַקומען סאַלטיקאָוו-שטשעדרינס אַלמאָנע, זײַנען אונטערגעשריבן געוואָרן פון דרוקער און זעצער. און פון טיפליס איז אַפן נאָמען פון יע. אַ. סאַלטיקאָווא אָנגעקומען אַן אַדרעס, אָנגעשריבן פון אַ גרופּע אַרבעטער, וועלכע האָבן אָנגעוויזן, ווי אַף זײער פאָרשטײער, אַפן אַרבעטער ס. קוזאָוואָוו. „דער טויט פון מיכאַיל יעווגראַפאָוויטשן — האָבן געשריבן די טיפליסער פּראָלעטאַריער — האָט אַרויסגערופן טרויער בײַ אַלע, וואָס ווינטשן אויפריכטיק גוטס און גליק זײער הײמלאַנד. אין זײַן פּערזאָן האָט רוסלאַנד פאַרלאָרן דעם בעסטן, גערעכטיקן און ענערגישן טוער פון עמעס און פרײַהײַט, אַ קעמפער קעגן בײז, וואָס ער האָט מיט זײַן שטאַרקן סײכל און וואָרט געשלאָגן אין רעכטן וואָרצל. און מיר, אַרבעטער, פאַרײניקן זיך צום אַלגעמײנעם טרויער וועגן דעם גרויסן מענטשן... פאַר זײַן ליבע צו אונדז און צו אַלץ, וואָס איז אָרנטלעך און גערעכטיק, שיקן מיר אים אונדזער מיטפילנדיקן געזעגענונג-וואָרט און, ווי אַ מענטשן מיט אַ נאָבעלער, ליבנדיקער נעשאָמע, ווי אַ פרײַנט פון די אונטערדריקטע, אַ קעמפער פאַר דער פרײַהײַט, באַגלײטן מיר מיט טיפן טרויער. מיר וועלן מער ניט הערן זײַן גוטן, דרײסטן וואָרט, אָבער זײַן גײַסט וועט שטענדיק לעבן צווישן אונדז אין זײַנע אומשטערבלעכע דערצײלונגען: ער וועט מונטערן אונדז צו אַ גוטער אַלגעמײנער זאַך, צום קאַמף קעגן שלעכטס, קעגן אונטערדריקונג און צום זוכן עמעס און ליכטיקײַט. און אַפן קײוועך פון גרויסן לײַבלעכן שרײַבער, אינעם קראַנץ פון רום, וועלכן ס׳וועט אויספלעכטן דער קינפטיקער דאָר, וועט זײַן אויך אונדזער בלימל, זאָל מען זען און וויסן, אַז מיר, אַרבעטער, האָבן אים ליב געהאַט און געשעצט".

די אָפּקלאַנגען פון די אַרבעטער אַפן טויט פונעם סאַטיריקער זײַנען געווען אַ סימפּטאָם פון די טיפע ענדערונגען, וואָס זײַנען פאָרגעקומען אין פאָלקס-לעבן. דאָס איז געווען אײנע פון די אַנטפּלעקונגען, אַז עס האָט אויפגעוואַקסט דער אַרבעטער-קלאַס, וועלכער בילדעט זיך אויס אין אַ זעלבשטענדיקער פּאָליטישער און קולטורעלער קראַפט. דער רוסלענדישער אַרבעטער-קלאַס איז שוין פון זײַנע ערשטע זעלבשטענדיקע טריט אַרויסגעטראָטן אַלס פאַרטײדיקער פון דער ערע און ווירדע פון דער איבערוועגנדיקער מערהײַט פונעם רוסישן פאָלק. פאַר די רעגירער און פאַרן הערשנדיקן קלאַס פון צאַרישן רוסלאַנד איז שטשעדרין, ווי אויך נעקראַסאָוו, ווי אויך אוספּענסקי, ניט געווען קײן עמעסער שרײַבער. די ליבעראַלן האָבן אָנערקענט די באַדײַטונג פון שטשעדרינען, ווי אויך פון נעקראַסאָוון און אוספּענסקין, ניט ווילנדיק; אין זײער לויבן איז שטענדיק געווען פאַרבאָרגן אַ נעגאַטיווע באַ-

ציִונג. אָבער שוין די ערשטע אַרבעטער־לייענער האָבן אָפּגעשאַצט שטשעדרינען,
ווי ער איז ווערט געווען, אַלס גרויסן רוסישן שרײַבער. די קאָנסערוואַטאָרן און
ליבעראַלן האָבן פאַראַרעמט דאָס בילד פון דער רוסישער קולטור. דער אַרבעטער־
קלאַס איז פון אָנהייב אָן פון זײַן געשיכטע אַרויסגעטראָטן אַלס יורש און פאַר־
היטער פון די אוצרות פון דער נאַציאָנאַלער קולטור און אַלס שעפער פון אירע
נײַע אוצרות.
די טיפּליסער אַרבעטער האָבן געשריבן, אַז דאָס שאַפן פון סאַלטיקאָוו־שטשעד־
רינען האָט זיי געמונטערט צום קאַמף. סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס ווערק האָבן בעעמס
פאַרלײַכטערט דאָס רײַפּ ווערן פונעם זעלבשטענדיקן פּאָליטישן דענקען פון רוס־
לענדישן פּראָלעטאַריאַט. זיי האָבן ניט נאָר גערופן צום קאַמף קעגן דער זעלבסט־
הערשונג, נאָר האָבן אויך געוועקט אַ קריטישע באַציִונג צום פּאָלקיזם, פאַרלײַכטערנ־
דיק דורך דעם דאָס באַהערשן דעם מאַרקסיזם. מ. ס. אָלמינסקי דערציילט, אַז
שטשעדרין האָט אים געצוווּנגען „פאַרטראַכטן זיך אַלס נאַראָדאָוואָלעצ“,—און האָט
געהאָלפן זײַן עוואָליוציע צו אַ רעוואָליוציאָנערן דעמאָקראַט. אַ באַזונדערס שטאַרקן
שפּור אויף זײַן וועלט־אָנשויונג האָט איבערגעלאָזן דאָס לייענען „קליינינקײַטן פון
לעבן“, מיט זייער קריטיקירן די געמיינדע און דעם באַלעבאַטישן פּויערל. לענין,
אָנהייבנדיק פון זײַנע ערשטע שלאַכט־אַרויסטרעטונגען קעגן דעם פּאָלקיזם, האָט
שטענדיק זיך באַנוצט מיט סאַלטיקאָוו־שטשעדרינס ווערק, מיט אַן אויסגעצייכנטן
הילף־מאַטעריאַל פון פּאָלעמיק. שטשעדרינס רעאַליזם, זײַן קינסטלערישער עמעס
אינעם פּאָליטישן קאַמף פון יענע יאָרן האָבן באַשטעטיקט די גערעכטיקײַט פון
מאַרקסיזם, כאָטש ער אַליין איז ניט געווען קיין מאַרקסיסט. אין 1912 יאָר האָט
לענין זייער גינסטיק זיך אָפּגערופן וועגן אָלמינסקיס אַרטיקל „קולטורעלע מענטשן
און אַן אומריינער געוויסן“, וווּ עס זײַנען געלונגענע אויסגענוצט געוואָרן שטשעד־
רינס געשטאַלטן. „גוס וואָלט געווען ביכלאַל פון צײַט צו צײַט דערמאָנען—האָט ער
געשריבן אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם אין דער רעדאַקציע „פּראַוודא“—ציטירן און
אויסטײַטשן אין דער „פּראַוודא“ שטשעדרינען און אַנדערע שרײַבער פון דער „אַל־
טער“ פּאָלקיסטישער דעמאָקראַטיע“. (ב. XXIX, ז. 74—75). מיט די ווערטער
„אַלטע“ פּאָלקיסטישע דעמאָקראַטיע, צום אונטערשייד פון די פּאָלקיסטן פון די
70־ער יאָרן און שפּעטער, האָט לענין אין זינען געהאַט די רעוואָליוציאָנערע אויפ־
קלערער—אַזוינע ווי בעלינסקי און גערצען, טשערנישעווסקי און דאָבראָליובאָוו,
וועמען ער האָט געהאַלטן פאַר די פאָרגייער פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דע־
מאָקראַטיע. די לערע פון די רעוואָליוציאָנערע אויפקלערער, פון די דעמאָקראַטן
און אוטאָפּישע סאָציאַליסטן איז געווען דער באָדן, אויף וועלכן עס איז אויסגע־
וואַקסן און עס האָט זיך אַנטוויקלט די אידעאָלאָגיע פון שטשעדרינען, אַלס קינסט־
לער און געזעלשאַפטלעכן טוער. די געטרײַהײַט צו די טראַדיציעס פון זײַנע לערער
האָט אים פאַרהיט פון דער אידייִשער און פּאָליטישער ווירקונג פון די פּאָלקיסטן,
וועלכע האָבן אַקשאָנעסדיק פאַרמאַכט די אויגן אויף די פאַקטן און האָבן באַגעגנט
דעם מאַרקסיזם אויף מעסערס. שטשעדרין איז געווען אַן אומקאָמפּראָמיסלעכער
סוינע סײַ פון די קאָנסערוואַטאָרן, סײַ פון די ליבעראַלן. צוזאַמען מיט נעקראַ־
סאָוון, און נאָך נעקראַסאָווס טויט איינער אַליין האָט ער פאָרגעזעצט טשערנישעוו־

סקיס ליניע. „נאָכ נעקראַסאָװ און סאַלטיקאָװ—האָט געשריבנ לעניג אינעמ אַרטיקל „צומ אָנדענק פונ גראַפ הײדענ“—האָבנ געלערנט די רוסישע געזעלשאַפט צו דער־קענענ אונטערנ צוגעגלעטנ און צוגעפּוצטנ אױסזענ פונ געבילדעטקײַט פונעמ לײַבײגנטימער דעמ פּאָרעצ זײַנע רױבערישע אינטערעסנ, האָבנ געלערנט האַסנ די צבױעס און הארצלאָזיקײַט פונ אַזױנע טיפּנ“ (ב. XII, ז. 9).

לעניג איז געװענ אָפּגעבראַכט פונ די פּרוװנ פונ די ליבעראַלנ צו באַהאַלטנ זיכ הינטער שטשעדרינס אױטאָריטעט. ניט מיט די ליבעראַלנ, נאָר מיט טשערני־שעװסקינ דעמ רעװאָליוציאָנער און דעמ סױנע פונ די ליבעראַלנ, איז געװענ פּאַר־בונדנ דער נאָמענ פונעמ סאַטיריקער, װי אױכ נעקראַסאָװס נאָמענ. „באַזונדערס איז ניט צודערלײַדנ, װענ עס טרעפט צו זענ—האָט געשריבנ לעניג אינעמ אַרטיקל „נאָכ אײנ מאַרש אַפ דער דעמאָקראַטיע“, װיאַזױ סוביעקטנ, װי שטשעפּעטאָװ, סטרוװע, גרעדעסקול, איזגאָיעװ און די איבעריקע קאַדעטישע כעװרײַע קלאַמערנ זיכ אינ די פּאַלבנ פונ נעקראַסאָװנ, שטשעדרינענ א. ד. גל. נעקראַסאָװ האָט זיכ געװאַקלט. זײַענדיק פּערזענלעכ שװאַכ, צװישנ טשערנישעװסקינ און די ליבעראַלנ, אָבער אַלע זײַנע סימפּאַטיעס זײַנענ געװענ אַפ טשערנישעװסקיס זײַט... און שטשעדרינ האָט אָנ ראַכמאָנעס געכױזעקט איבער די ליבעראַלנ און האָט זײ אַפ שטענדיק פאַרשטעמפּלט מיט דער פאָרמול „צוגעפּאַסט צו נידערטרעכטיקײַט“ (ב. XVI, ז. 132).

אַלע סימפּאַטיעס פונ נעקראַסאָװנ זײַנענ געװענ אַפ טשערנישעװסקיס זײַט—ראָס באַטײַט, אַז אַלע זײַנע סימפּאַטיעס זײַנענ געװענ אַפ דער זײַט פונ דער פּױערימ־רעװאָליוציע. פּונקט אַזױ זײַנענ אױכ שטשעדרינס אַלע סימפּאַטיעס געװענ אַפ דער זײַט פונ די, װאָס האָבנ גערופנ אַנטשײדנ אָפּרעכענענ זיכ מיטנ צאַריזמ, דעריבער האָט ער געקענט אַזױ ריכטיק און אָנראַכמאָנעסדיק פאַרורטײלנ די ליבעראַלנ.

סאַלטיקאָװ־שטשעדרינ איז א גרױסער שרײַבער. זײַנ שאַפנ פאַרנעמט א קאָלאָ־סאַלנ אָרט אינ דער געשיכטע פונ דער רוסישער ליטעראַטור און פונ דער װעלט־סאַטירע. סאַלטיקאָװ־שטשעדרינס װערק זײַנענ אַנ אױסגעצײכנטער הילפ־מאַטעריאַל באַמ דערלערנענ די געשיכטע פונ 19־טנ יאָרהונדערט אינ רוסלאַנד. דאָס שאַפנ פונעמ גרױסנ סאַטיריקער האָט אָבער ניט נאָר א דערקענטעניש־באַדײַטונג. ביז איצט פאַרמאָגט עס נאָכ אַנ אױסגעצײכנט װירקנדיקע אָפּרײניקונג־קראַפט, װאָס העלפט אינ אונדזער הײַנטיקנ קאַמפ פאַרנ קאָמוניזמ.

אינ דריטנ פינפיאָר איז פּסטר אַרײַנגעטראָטנ „אינ פּעריאָד פונ פאַרענדיקנ בױענ די אָנקלאַסאָװע סאָציאַליסטישע געזעלשאַפט און פונ בעהאַדראָגעדיק אַריבער־גײנ פונ סאָציאַליזמ צומ קאָמוניזמ, װענ אַנ אַנטשײדנדיקע באַדײַטונג באַקומט די זאַכ פונ קאָמוניסטיש דערציִענ די אַרבעטנדיקע, פונ בײַקומענ די איבערבלײַבענישנ פונעמ קאַפּיטאַליזמ אינעמ באַװוסטזײַנ פונ די מענטשנ—די בױער פונ קאָמוניזמ“. (טעזיסנ פונעמ כאַװער װ. מאָלאָטאָװס פּאָרטראַג אַפנ XVIII צוזאַמענפאָר פונ דער אַלקפּ(ב).

די פּראָגראַמ פונ שאַפנ די קאָמוניסטישע אָרדענונג פאָדערט קעמפנ קעגנ די אײגנטימערישע איבערבלײַבענישנ אינעמ באַװוסטזײַנ פונ די מענטשנ. סאַלטיקאָװ־שטשעדרינ האָט געפירט אַנ אײַנגעשפּאַרטנ קאַמפ קעגנ דער עגאָיִסטישער פאַר־

קריפּלטקײַט, קעגנ דעמ פאַרהיטנ די אײגענע פּעל, קעגנ דער אידײיענלאָזיקײַט. ער האָט פײַנט געהאַט די אײגנטימערישע באַגרענעצטקײַט, ער האָט אַנטוויקלט אינ זײַנע לײענער דעמ באַוווסטזײַנ פונ די אַלגעמײנע אינטערעסנ אונ האָט זײ געלערנט צו קעגנזײַטיקער אונטערשטיצונג קעגנ די צעיושעטע קויכעס פונ דער רעאַקציע. שטשעדרינ האָט אָנגערופנ „קלײניקײַטנ פונ לעבנ" די געוויינלעכע מאָראַל פונ דער אײגנטימערישער וועלט, וואָס איר געזעץ ווערט פאָרמולירט מיט די ווערטער: „יעדערער פאַר זיכ, אײנ גאָט פאַר אַלעמענ". דער רעוואָליוציאָנערער קאַמפּ פאַר פאַרניכטנ די עקספּלואַטאַציע אונ פאַר פּאָליטישער פרײַהײַט האָט פאַנאַנדערגעריסנ דאָס קלעפּיקע שפּינוועבס פונ די שטיקנדיקע קלײניקײַטנ, האָט געראַטעוועט די ווירדע פונ דער מענטשלעכער פּערזענלעכקײַט, האָט זי אַרויסגעפירט אַפּ דער פרישער לופט פונ די קאָלעקטיווע אינטערעסנ אונ רעוואָליוציאָנערע פּערספּעקטיוונ. די סאָציאַליסטישע רעוואָליוציע, דאָס פאַרניכטנ די קלאַסנ, די קאָלעקטיוויזאַציע פונ דער לאַנדווירטשאַפט, דער זיג פונ סאָציאַליזמ אינ סססר האָבנ אַרונטערגעריסנ גופּע די וואָרצלענ פונ די קלײניקײַטנ פונ לעבנ. די וועלפישע מאָראַל פונ די אײגנטימער איז צעקלאַפּט געוואָרנ איבערנ קאָפּ, צו פאַרבײַטנ זי איז געקומענ א נײַע—קאָמוניסטישע מאָראַל, וואָס איר ציל איז—דער טריומפ פונ סאָציאַליזמ אינ גאַר דער וועלט.

דער באַוווסטזײַנ, ווי קאָלאָסאַל עס זײַנענ די היסטאָרישע איבערקערענישנ, וואָס זײַנענ פאָרגעקומענ, זינט עס האָט געשריבנ סאַלטיקאָוו-שטשעדרינ, טאָר אונדז אָבער ניט ברענגענ צומ געדאַנק, אַז די מאַכט פונ די „קלײניקײַטנ פונ לעבנ" פאַלט אויטאָמאַטיש, מיטנ זעלבסטפלוס. דאָס איז ניט אַזוי. פונ זינט דער אָקטיאַבער-רעוואָליוציע זײַנענ דורכגעגאַנגענ צוויי צענדליק יאָר, אינ די אײגנטימערישע אומרײנקײַטנ האָט די מענטשהײַט געלעבט טויזנטער יאָרנ. אינ די באַדינגונגענ פונ סאָציאַליזמ לעבט די מענטשהײַט בלויז אַפּ אײנ זעקסטכײלעק פונ ערד־קײַלעכ, אַפּנ גרעסטנ טײל פונ אונדזער פּלאַנעטע הערשנ נאָכ דער קאַפּיטאַליזמ אונ זײַנ אידעאָלאָגיע.

די קלײניקײַטנ פונעמ אײגנטימערישנ לעבנ קענענ אַפילע מיט אַרונטערגעריסענע וואָרצלענ לאַנג לעבנ אינ דער פּסיכאָלאָגיע אונ אינ דעמ באַוווסטזײַנ פונ די מענטשנ. די מאַסנ האָבנ זיכ אויפגעהויבנ, דער מענטש האָט זיכ געענדערט, אָבער דאָס שליסט ניט אויס דאָס פאַראַנענ זײַנ פונ געבורט־פּלעקנ פונ דער שווערער פאַרגאַנגענהײַט. צי דענ זעענ מיר ניט ביז איצט קײנ פאַלנ, ווענ צוגלײַכ מיט גלענצנדיקע מוסטערנ פונ דער אַרבעט פונ די סאָציאַליסטישע טוער ווערנ די אינטערעסנ פונ דער זאַכ אָפּטמאָל פאַרביטנ אַפּ מיזערנע אינטערעסנ? צי דענ ווײסנ מיר ניט קײנ פאַלנ פונ פאָרמאַליזמ, גײַווע, מישפּאָכעדיקײַט, רײַסערײַ, אונטערלעקערײַ, קאַריעריזמ, פונ אָפּנאַרנ די סאָציאַליסטישע מעלוכע? אָבער דאָס אַלצ זײַנענ דאָכ איבערבלײַבענישנ פונ די זעלבע קלײניקײַטנ פונ לעבנ, וועלכע עס האָט פײַנט געהאַט אונ פאַרפאָלגט שטשעדרינ.

די מאַכט פונ זאַכנ אונ שטײגער איבערנ מענטשנ, די רײַסערײַענ אינ דער מישפּאָכע, צווישנ קרויווימ, צווישנ שכײנימ, די ניט אויפמערקזאַמקײַט צו קינדער, די גײַסטיקע טרוקנקײַט, די אָפּוועזנהײַט פונ מענטשנ־ווירדע, פונ אומאָפּהענגיקײַט

און גלייַכבארעכטיקונג אינ דער אופירונג,—יעדערע פונ די דאָזיקע דערשייַנונגענ איז אנונפארזיכ „קלייניקייַטנ", אָבער די דאָזיקע קלייניקייַטנ שטערנ דעמ וווקס פונ די מענטשנ, שאפנ שטערונגענ אינ דער אלגעמיינער סאָציִאַליסטישער ארבעט.

אומעטומ, ווו מיר זעענ גלייַכגילטיקייַט צו דער אלגעמיינער סאָציִאַליסטישער זאכ, קליינלעכע פערספעקטיוולאָזיקייַט, די אָפּוועזנהייַט פונ דער אָריענטירונג אפ די מאסנ, האָבנ מיר צו טאָנ מיט קלייניקייַטנ פונ לעבנ, מיט איבערבלייַבענישנ פונ דער פארגאנגענהייַט.

אינ קאמפ קעגנ די איבערבלייַבענישנ פונעמ קאפּיטאליסטישנ באוווסטזייַנ קענ אונ דארפ שטשעדרינס ליטעראַרישע יערושע שפּילנ א גרויסע ראָל. שטשעדרינס סאטירע פארמאָגט נאָכ אויכ הייַנט א גוואלדיקע אָפּרייניקונג־קראפט. צונויפקלייַבנדיק אינ אנ אייַנהייַטלעכנ פאָקוס די אָפּגעזונדערטע שטריכנ פונ דער אייגנטימערישער שווייַנערייַ, קענ שטשעדרינ פאָרשטעלנ די פינצטערע קויכעס פונ דער פארגאנגענהייַט מיט אזא שטארקער קראפט, אז ער דערוועקט א סינע אפילע צו זייערע רעשטלעכ, אז עס רופט ארויס כארפע פאר זייער געפינענ זיכ אינ אונדזער סוויוווע. אזא סינע אונ אזא כארפע זייַנענ גוטע העלפער אינ דער סאָציִאַליסטישער שעפערישקייַט פונעמ ארבעטער־קלאס.

די גלייַכגילטיקייַט צו דער אלגעמיינער סאָציִאַליסטישער זאכ אונ דאָס איגנאָרירנ די מאסנ אנטפּלעקט זיכ זייער בולעט אינ דעמ ביוראָקראטישנ פאָרמאליזמ. דער ביוראָקראטיזמ איז ניט זעלטנ אנ אויסערלעכער אויסדרוק פונ דער טעטיקייַט פונ די פארטייַעטע סאָנימ. די ביוראָקראטנ טאָרמאָזירנ די שעפערישע איניציאטיוו פונ די מאסנ, די ביוראָקראטנ לאָזנ ניט אויסנוצנ די קאָלאָסאלע רעזערוונ, וועלכע זייַנענ פארבאָרגנ אינ די טיפענישנ פונ אונדזער אָרדענונג. דער ביוראָקראטיזמ איז א געפאר, וועלכע מע טאָר פאר קיינ פאל ניט ארויסלאָזנ פונ אויג אינ אלע געביטנ פונ אונדזער ארבעט.

א ביוראָקראט ברענגט שאָדנ דער ארבעט סייַ אינ דער אינדוסטריע, סייַ אינ דער לאנדווירטשאפט, ער שטעלט זיכ אויכ אינ וועג דער קולטור־בויונג. א ביוראָקראט דולדעט ניט קיינ קאָנטראָל איבער דער אויספילונג—אינ אלצ באנוגנט ער זיכ מיט קאנצעליארישער שרייַבעניש. ביוראָקראטנ—דאָס זייַנענ ניט נאָר אלטע טשינאָווניקעס, וועלכע זיצנ נאָכ ביז איצט וו־ניט־וו אונ ארבעטנ ווי טשינאָווניקעס. עס עקזיסטירנ אויכ נייַע, סאָוועטישע ביוראָקראטנ, צווישנ זיי זייַנענ פאראנ אויכ קאָמוניסטנ, „וועלכע סטארענ זיכ מיט די קאנצעליארישע פאראָרדענונגענ אונ „דעקרעטנ", אינ וועלכע זיי גלויבנ, ווי אינ א פעטיש, פארבייַטנ די שעפערישע איניציאטיוו אונ זעלבסטעטיקייַט פונ די מיליאָניקע מאסנ פונעמ ארבעטער־קלאס אונ פויערטומ" (סטאלינ, „פראגנ פונ לעניניזמ", ז. 401).

די פארטייַ אונ די רעגירונג פירנ אנ אָנראכמאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ די ביוראָקראטנ אונ די ביוראָקראטישע מעטאָדנ פונ דער אָנפירונג.

סאלטיקאָוו־שטשעדרינס שאפנ איז ביז איצט אנ אויסגעצייכנט געווער קעגנ ביוראָקראטיזמ. זייַנע טרעפלעכע פאָרמולירונגענ, זייַנע שארפע ווערטער שלאָגנ ביז איצט אויכ איבער די סאָוועטישע ביוראָקראטנ. זייַנע סאטירישע טיפנ העלפנ דעמאסקירנ אונ אויסלאכנ אויכ די סאָוועטישע ביוראָקראטנ. „די ביוראָקראטנ—האָט

געשריבן שטשעדרין אין „בריוו וועגן דער פראָווינץ"—פארבינדן יעטווידער אלגעמיינע ארבעט מיט זייערע פערזענלעכע אינטערעסן און אומעטום זעען זיי איין דאָס פארמעסטן זיך אפ זייער מאכט". צי דען זעען ניט איין אויך די סאָוועטישע ביוראָקראטן אינעם קאָנטראָל פון די מאסן, אינעם קאָנטראָל פון דער פארטיי קיין פארמעסטן זיך אפ זייער קאָמפּעטענץ, אפ זייער מאכט? צי דען מיסברויכן זיי ניט אפ אן אומאָרנטלעכן און פארברעכערישן אויפן מיט זייער אמט־לאגע צוליב פערזענלעכע נוצן? „נאָך אפ די אויגן בא דער נאטשאלסטווע—האָט געשריבן שטשעדרין וועגן דער ביוראָקראטיע—איז זי נאָך אהין, אהער, אָבער ווי נאָר נאטשאלסטווע גייט ארויס אהינטער דער טיר, גלײַך שטרעקט זי אויס דעם צונג און לאכט פון זיך אליין". א ביוראָקראט—דאָס איז ניט קיין ניט געניטער, ניט קיין ניט דערפארענער טוער, נאָר א ניט געוויסנהאפטער און אָפטמאָל א פארברעכערישער מענטש, וועלכער ווייס, אז ער ברעכט די געזעצן פון דער סאָוועטישער מלוכע און נארט אָפּ די מאסן. אין קאמף קעגן ביוראָקראטיזם פלעגט די פארטיי אָפט אָנקומען צו דער הילף פון שטשעדרינס געשטאלטן. דער כאווער סטאלין האָט פארגליכן דעם סאָוועטישן ביוראָקראט מיט שטשעדרינס פאָמפּאדור. אין דער רעדע „וועגן די אויפגאבן פון די ווירטשאפטלער" האָט ער פארגליכן די פאפיר־אָנפירונג, וואָס באגעגנט זיך נאָך אויך אין אונדזערע אנשטאלטן, מיט דער פאָמפּאדורישער מלוכישער כאָכמע. „בא אונדז טראכט מען ניט זעלטן—האָט געזאָגט דער כאווער סטאלין—אז אָנפירן—דאָס באטײַט אונטערשרײַבן פאפירן. דאָס איז טרויעריק, אָבער עס איז א פאקט. אָפטמאָל דערמאָנסטו ניט ווילנדיק שטשעדרינס פאָמפּאדורן. איר געדענקט, וויאַזוי די פאָמפּאדורשע האָט געלערנט דעם יונגן פאָמפּאדור: ברעך ניט דעם קאָפּ איבער דער וויסנשאפט, דרינג ניט ארײַן אינעם איניען, זאָלן אנדערע זיך מיט דעם פארנעמען, ס'איז ניט דײַן זאך—דײַן זאך איז אָנפירן, אונטערשרײַבן פאפירן. מע דארף אנערקענען, צו אונדזער כארפע, אז אויך צווישן אונדז, באָלשעוויקעס, זײַנען פאראן ניט ווייניק אזוינע, וואָס פירן אָן דורך אונטערשרײַבן פאפירן" („פראגן פון לעניניזם", ז. 443).

דער כאווער ל. קאגאנאָוויטש, אויפדעקנדיק אפן XVII פארטיי־צוזאמענפאָר דעם טאָך פון די ביוראָקראטישע פארקריפּלונגען פון דער אָנפירונג, האָט דערמאָנט די סטאטסקע סאָוועטניקעס פון די „בונטע בריוו" סעמיאָן מיכײַלאָוויטש נ־יעאָסלאבני, פיאָטר סאמוילאָוויטש פרעלעסטניקאָוו און ניקאָדים לוקיטש פערעדריאגין, וואָס דער ערשטער פון זיי האָט פארוואלטעט מיט אן אָפּטיילונג פון פארבינדן קניפּלעך און דער צווייטער—מיט אן אָפּטיילונג פון פאנאנדערבינדן זיי. „די געמיינזאמע עקזיסטענץ פון ביידע אָפּטיילונגען—האָט ציטירט דער כאווער קאגאנאָוויטש—איז געווען אויסערגעוויינלעך נוציק, ווײַל ווי נאָר סעמיאָן מיכײַלאָוויטש פלעגט פארבינדן א קניפּל, פלעגט פיאָטר סאמוילאָוויטש גלײַך פאנאנדערבינדן אים (א האָמערישער געלעכטער), און דערנאָך פלעגט סעמיאָן מיכײַלאָוויטש ווידער פארבינדן און פיאָטר סאמוילאָוויטש ווידער פאנאנדערבינדן. און די צײַט, וואָס זיי האָבן געטאָן זייער ארבעט, פלעגט ניקאָדים לוקיטש אומגיין און פארצייכענען: ערשטער קנופּ, צווייטער קנופּ א. א. וו. געלעכטער). און אז עס פלעגט אָנגעזאמלט ווערן צוגענוג אזוינע אָפּצייכענונגען, פלעגט פון זיי צוזאמענגעשטעלט ווערן א סטאטיסטיק פון די קניפּ־

לעכ, וויפל האָט מען פארבונדן (געלעכטער) און וויפל פאנאנדערגעבונדן. און צוליב וואָס—ווייס מען ניט. (אַן אויפברויז פון געלעכטער, אפּלאָדיסמענטן).

צום שלוס פלעגט אונטערגעפירט ווערן א באלאנס: דער דעבעט מיטן קרעדיט איז ריכטיק און אין קאסע איז גאָרנישט ניטאָ... (אַן אויפברויז פון געלעכטער, אפּלאָדיסמענטן). אלע דרייען האָבן געלעבט, ווי א גוף מיט א נעשאָמע, און אלע דרייען זיינען געווען גליקלעכ און ווערט אָפּגעמערקט צו ווערן (געלעכטער) אין דער דאָזיקער צויבער־וועלט...”

שטשעדרינס געשטאלטן העלפן באשטימען די טיפּישע באזונדערקייטן אויכ פון די סאָוועטישע ביוראָקראטן. דאָס פארגלייכן מיט זיי רופט ארויס א האָמערישן—דעמאסקירנדיקן און טויטנדיקן—געלעכטער. שטשעדרינס ווערק זיינען א וויכטיקער הילף־מאטעריאל אין קאמף קעגן ביוראָקראטיזם ביזן היינטיקן טאָג.

שטשעדרין האָט פיינט געהאט פארעטער. די סאמע בייזע ווערטער, די סאמע אָנראכמאָנעסדיקע קלאָלעס האָט ער געשיקט אפן אדרעס פון די רענעגאטן און פארעטער. פאראט—דאָס איז א באליבטער מיטל פון די באלעבאטים פון דער איינגטימערישער וועלט, קעדיי פאנאנדערצולייגן און ארונטערייסן די רעוואָליוציאָנערע באוועגונג פון אינעווייניק. ואָס שטארקער עס ווערן די פּאָזיציעס פון סאָציאליזם, וואָס קלערער עס ווערט די פארורטיילטקייט פונעם קאפּיטאליזם, אלץ פיבערהאפטער כאפּן זיכ די סאָנים פונעם ארבעטער־קלאס פארן אָפּגעסאמטן געווער פון פאראט. דער שפּיאָנאזש און שעדיקעריי האָבן פארייניקט די פאשיסטישע קאָנטר־אויסשפּירער מיט די טראָצקיסטיש־בוכארינישע באנדיטן. שטשעדרינס קינסטלערישע געשטאלטן העלפן ביז איצט ארויספירן פאר דער ליכטיקער שיין די פארטייעסע פארעטער. אין דער צייט ווען די באָלשעוויקעס, צוגרייטנדיק דעם קינפטיקן זיג פון דער רעוואָליוציע, האָבן געפירט א קאמף אף צוויי פראָנטן, קעגן די מענשעוויקעס און קעגן די אָטזאָוויסטן, האָט טראָצקי אונטערגעהאלטן די ליקווידאטאָרן און האָט צונויפגעשלאָגן דעם רענעגאטישן אווגוסט־בלאָק. „טאקע אין די דאָזיקע יאָרן האָט אים לענין אָנגערופן „יודושקא טראָצקי” (געשיכטע פון אלקפּ(ב), 131 זייט). די וויטערדיקע געשיכטע האָט באוויזן, אז „יודושקא” וועט שוין בעסער ניט ווערן, אז ער איז געוואָרן דער צוזינג-צענטער פון אנדערע „יודושקעס”. צום אונטערשייד פון די סאָנים, וועלכע אָפּערירן אָפן, פארדעקן זיכ די יודושקעס מיטביימלדיקפאריסייִשע ווערטער פון איבערגעגעבנקייט צום סאָציאליזם און צו די ארבעטנדיקע. פארקויפנדיק דעם הײמלאנד, מאכן זיי אַן אָנשטעל, אז זיי זאָרגן זיכ וועגן דעם גוירל פון פאָטערלאנד. אינעם ארטיקל „וועגן דעם ארופגאנג אף הויכע בערג” האָט לענין אף פאָלגנדיקן אויפן פאָרמולירט דעם אונטערשייד צווישן די מעטאָדן פון די אָפענע סאָנים און די מעטאָדן פון די פארעטער. „אייניקע זיינען אָפן צופרידן, זיי פייפן, זיי שרייען: אָט באלד וועט ער זיכ אראָפּרייסן, א מיצווע אף אים, פראווע ניט קיין מעשוגאעס! אנדערע סטארען זיכ פארדעקן זייער בייזע פרייד, אָפּערירנדיק הויפּטזעכלעכ לויטן מוסטער פון יודושקא גאָלאָווליאָוו; זיי טרויערן, פארגלאָנצנדיק די אויגן צום הימל. צום באדויערן, בארעכטיקן זיכ אונדזערע פּאָרויסזאָגונגען!...

אויב מיר האָבן אזוי הייס פארורטיילט דאָס זינלאָזע און האָבן געוואָרנט אלעמען פון נאָכמאכן און העלפן אים, האָבן מיר עס געטאָן אויסשליסלעכ פון ליבע צום

גרויסנ פלאנ פונעמ ארופגאנג אפנ געגעבענעמ בארג, קעדיי ניט צו קאָמפּראָמעטירנ דעמ דאָזיקנ גרויסנ פלאנ ביכלאל" (ב. XXVII, ז. 198).

אנ אניוועסדיקנ אויסזענ פונ אזוינע טרויערנדיקע יודושקעס האָבנ אָנגעצויגנ אפ זיכ אויכ די טראָצקיסטיש־בוכארינישע פארעטער, קריטיקירנדיק דעמ לעניניש־סטאלינישנ פלאנ פונ בויענ דעמ סאָציאליזמ, האָבנ זיי אינדערעמעסנ געטרויערט וועגנ דעמ אומפארמײַדלעכנ אומקומ פונ קאפיטאליזמ, די אָפּנארערישע מאסקע האָבנ זיי אָנגעטאָנ לויט דער דירעקטער אָנווײַזונג פונ זייערע פאשיסטישע באלעבאטימ. זיי זײַנענ א וואריאציע פונ „צוגויפגעלייגטע נעשאָמעס", וועלכע שטשעדרינ האָט אזוי פײַנט געהאט. דער האס פונעמ גרויסנ סאטיריקער באזיצט א ווירקעוודיקע קראפט אויכ אינעמ גרויסנ קאמפ פונ דער הײַנטצײַטיקײַט. ער שטעמפלט די רענעגאטנ, וועלכע פאראטנ דעמ סאָציאליזמ אינעמ געראנגל, וואָס לייזט דעמ גורל פונ דער מענטשהײַט.

סאלטיקאָוו־שטשעדרינס ווערק זײַנענ אנ אויסגעצייכנט געווער אויכ קעגנ דעמ הײַנטצײַטיקנ פאשיזמ. פאר סאלטיקאָוו־שטשעדרינס לעבנ איז קיינ פאשיזמ ניט געווענ. דער פאשיזמ איז א ספעציפישער פּראָדוקט פונעמ פינאנס־קאפיטאל, פונ דער אימפעריאליסטישער בורזשואזיע פונ דער עפּאָכע נאָכ דער מילכאָמע. פארייניקנדיק אינ א פאראלגעמיינערטנ בילד די דערשײַנונגענ פונ דער זײַנצײַטיקער רעאקציע, האָט סאלטיקאָוו־שטשעדרינ געשאפנ א טיפּאָלאָגיע, אינ פיל הינזיכטנ א פאָרויסבאשטימענדיקע די טיפּאָלאָגיע פונ פאשיזמ. די רעאקציע פונ שטשעדרינס צײַטנ האָט ארודעוועט, איגנאָרירנדיק די געזעצנ פונ דער געשיכטע אונ פונ דער נאטור, טראָצ דער וויסנשאפט אונ דעמ געזונטנ סייכל! די רעאקציע איז געווענ אנטיפאָלקיש, האָט זיכ באזירט אפ גוואלדטאט, ווילקיר, אפ דער קאזאַרמע־ניוועלירונג אונ אפ דערשטיקנ דעמ מענטשלעכנ געדאנק. דער ציל אירער איז געווענ פארגרעסערנ די עקספּלואטאציע, ארויספרעסנ פונ די ארבעטנדיקע אלצ, וואָס איז מעגלעכ אונ אפילע מער פונעמ מעגלעכנ. די רעאקציע האָט געפירט א צעיושעטע נאציאָנאליסטישע דעמאגאָגיע. סאלטיקאָוו־שטשעדרינ האָט געשילדערט די טיפּנ פונ דער רעאקציע אינעמ ריינעמ אויסזענ, ער האָט זיי דערפירט ביז א „מאטעמאטישער" גרענעצ. וועלנדיק זיכ דערשלאָגנ בוילעטקײַט אונ אויסדריקלעכקײַט פונ דער שילדערונג, האָט שטשעדרינ פאָרויסבאשטימט זייער צוקונפט. דאָס איז געווענ א שטרענג־געזעצמעסיקער אונ רעאליסטישער מעטאָד, וועלכער האָט געגעבנ דעמ סאטיריקער א מעגלעכקײַט ארויסצופירנ א גאנצע גאלעריי טיפּנ פונ דער רעאקציע אונ שילדערנ די מיטלענ פונ זייער טעטיקײַט. די סאָציאלע אונ פּאָליטישע נאטור פונעמ פאשיזמ איז אנ אנדערע, ווי די נאטור פונעמ רוסישנ צאריזמ. אָבער די מיטלענ זײַנע זײַנענ בלויז פילמאָל פארגרעסערטע אונ פארשארפטע מיטלענ פונ יעדער אנטיפאָלקישנ רעזשימ. דעריבער איז אסאכ אינ דער טעטיקײַט אונ אינ דער טיפּאָלאָגיע פונ פאשיזמ פולשטענדיק צונויפגעפאלנ מיטנ פארשארפטנ בעמעל פונ גרויסנ סאטיריקער. צו אָפט שטײַגנ אריבער די הײַנטצײַטיקע פאשיסטנ אפילע שטשעדרינס סאטירישע פאנטאזיע.

שטשעדרינס „אוגריומ־בורטשייעוו—דאָס איז אויסגעשפּראָכענער ווילקיר אונ אויסגעשפּראָכענע אומענטשלעכקײַט. זײַנ אידעאל איז די קאזארמע, זײַנ סיסטעמ—אומצוטרוי אונ גוואלדטאט אינ באצוג צו יעדנ מענטשנ. די מײַסימ פונ פאשיזמ

זענ אויס, ווי זיי וואָלטנ אראָפּגעשריבנ ווערנ פונעמ פינצטערנ פאנטאסטישנ בילד, וועלכע עס האָט געשאפנ שטשעדרינ. אָפּטמאָל ווײַזט אויס, אז די יעוואנגעליע פונ פאשיזמ זײַנענ די בלעטלעכ פונ דער „געשיכטע פונ איינ שטאָט", אָנגענומענע ערנסט, ווי אנ אנטפּלעקונג, ווי אנ אָנפירונג צומ טאט. די פאשיסטנ באטראכטנ יעדער ווינונג־הויז ווי אנ אָביעקט פונ באאָבאכטונג אונ שפּיאָנאזש. יעדער אײַנוווינער פאשיסט איז מעכויעוו צו נאָכשפּירנ נאָכ די שכיינימ אונ מאסערנ אפ זיי. „יעדער הויז איז ניט עטוואָס אנדערש, ווי א באזונדער איינס, וואָס האָט אנ אייגענעמ קאָמאנדיר אונ אנ אייגענעמ שפּיאָנ". דער דאָזיקער קלאל שילדערט פּינקטלעכ די אָרדענונג פונעמ לעבנ אינ די פאשיסטישע שטעט אונ דערפער, אונ פאָרמולירט איז ער געוואָרנ דורכ שטשעדרינענ פריִער פונ די פאשיסטישע סטאטוטנ.

די פאשיסטנ האָבנ פארוואנדלט די ארבעט אינ א קלאָלע. די ארבעט אינ די לענדער, וואָס געפינענ זיכ אונטער זייער מאכט, איז אומגעהייער שווער, לאָזט ניט איבער דעמ מענטשנ קיינ איינ שאָ פאר זיכ אונ איז רעגלאמענטירט אפּ א קאזארמע־אויפנ. די ארבעט־פליכט אונ די ארבעט־לאגערנ פונ פאשיזמ דערמאָנענ קאטאָרגע. היטלער האָט ווי געשטעלט פאר זיכ דעמ ציל צו פארקערפּערנ אינ לעבנ די אידיאָטישע רעגלאמענטאציע פונ אוגריומ־בורטשייעוונ. „נאָכנ אָנעמענ שפּײַז, שטעלט מענ זיכ אויס (די מענטשנ) אפנ פלאצ אינ א קאַרע, אונ פונ דאָרטנ אונטער דער אָנפירונג פונ די קאָמאנדירנ, וזוואָדנווײַז ווערנ זיי פאנאנדערגעפירט אפּ געזעלשאפטלעכע ארבעטנ. די ארבעט ווערט געפירט לויט א קאָמאנדע. די אײַנוווינער בויגנ זיכ אײַנ אונ גלײַכנ זיכ אויס אלע מיטאמאָל; עס גלאנצנ די קאָסעס, עס פאָכנ די הראבליעס, עס קלאפּנ די גראָבײַזנס, די סאָכעס אקערנ די ערד,— אלצ לויט א קאָמאנדע. די ערד אקערט מענ, סטארענדיק זיכ אויספירנ מיט די סאָכעס ווענזעלנ, וואָס שילדערנ די אָנפאנג־בוכשטאבנ פונ די נעמענ פונ יענע היסטאָרישע טוער, וועלכע האָבנ זיכ אמערסטנ בארימט געמאכט מיט דער אכזאָריעס־דיקײַט. בא יעדער ארבעטער־וזוואָד גייט אומ מיט געמאָסטענע טריט א סאָלדאט מיט א ביקס אונ אלע 5 מינוט שיסט ער אינ דער זונ".

דאָס איז א ציטאטע פונ שטשעדרינענ אונ אינ דער זעלבער צײַט א קימאט ניט אוטרירטע באשרײַבונג פונ דער ארבעט אינ פאשיסטישנ דײַטשלאנד, וואָס ווערט באגלייט מיט לויבגעזאנגענ לעקאָוועד דעמ פירער אונ מיט שטענדיקע דראָונגענ מיצאד די באוואָפנטע באנדיטנ. די פאשיסטנ צייכענענ זיכ אויס, ווי באוווּסט, מיט זייער גרויסער נייגונג צו פאראדנ אונ צו פראָצעסיעס. זייערע פײַערונגענ זײַנענ באגלייט מיט א שטארקער מארשיראָווקע. בא שטשעדרינענ ווערט געזאָגט: „פונ דעמ אָנדערוואָכנ צייכענענ זיכ אויס די דאָזיקע יאָנטויוומ בלויז מיט פארשטארקטע איבונגענ אינעמ מארשירנ". דער פאשיזמ דערקלערט אָפנ, אז די העכסטע טוגנט פונעמ מענטשנ איז סאָלדאטישע דיסציפּלינ אונ אז דער אידעאל פונ דער צוקונפט איז מילכאָמע. די פאשיסטנ האָבנ שוינ פארוואנדלט עטלעכע אינ דער פארגאנגענהײַט רײַכע אונ קולטורעלע לענדער אינ קאזארמעס. זיי בארימענ זיכ, אז זיי וועלנ די גאנצע וועלט פארוואנדלענ אינ א קאזארמע. „די דאָזיקע באזונדערע איינסנ, די דאָזיקע וזוואָדנ, ראָטעס, פאָלקנ—האָט פאָרויסבאשטימט דער סאטיריקער די טרוימערײַענ פונ די הײַנטצײַטיקע מענטשנ־פײַנט—דאָס אלצ, צוזאמענ גענומענ, צי איז

עס ניט א רעמעז אפ עפעס א שטראַלנדיקער ווײַס, וועלכע איז נאָכ דערווײַל פאַר־
צויגנ מיט א נעפל, אָבער מיט דער צײַט, ווענ די נעפלענ וועלנ זיכ פאַנאַנדערגײַנ
אונ די ווײַט וועט זיכ עפענענ... וואָס זשע איז עס אָבער פאַר א ווײַט? וואָס באַ־
האַלט זי?

— קאַ־זאַ־ר־מעס!—האָט פולקאָם קלאָר אונטערגעזאָגט די פאַנטאַזיע, וואָס איז
אופגערעגט ביז הערויִזם".

די ראַסיסטישע היצרייד פונ פאַשיזם רײַסנ זיכ אַרײַנ אינ די אינטימסטע
מענטשלעכע באַדינגונגענ. די פאַשיסטנ צעשיידנ כאַסאַנים מיט קאַלעס, זיי
דערקלערנ פאַר ניט גילטיק כאַסענעס, מיט גוואַלד באַשטימענ זיי די צווישנבאַ־
ציִונגענ פונ די עלטערנ אונ קינדער. די ראַסיסטישע היצרייד פונ די הײַנטצײַטיקע
אוגריום־בורטשייעווס פאַלנ צונויפ מיט דער זינלאָזער רעגלאַמענטאַציע פונ שטשעד־
רינס אוגריום-בורטשייעוו: „פרויענ האָבנ רעכט צו געבוירנ קינדער נאָר ווינטער־
צײַט... יונגע מענטשנ פאַרייניקנ זיכ ניט אַנדערש, ווי לויטנ וווּקס אונ קאָנסטיטור־
ציִע פונ קערפּער, ווײַל דאָס אַנטשפּרעכט די פאָדערונגענ פונ א ריכטיקנ אונ שיי־
נעמ פראָנט". שטשעדרינ האָט אפילע פאָרויסגעזעענ די ראַסעווע יונגע לײַט, וואָס
מיטנ אָפּקלײַבנ זיי זײַנענ אַזוי פאַרינטערעסירט די הײַנטצײַטיקע פאַשיסטישע אי־
דעאָלאָגנ אונ רעגירער. שטשעדרינס פעדאָט אַרכימעדאָוו האָט געפּריידיקט: „אַזוי־
ווי דער באַשטאַנד אונ די אייגנשאַפט פונ די קינפטיקע דוירעס זײַנענ שטאַרק אָפּ־
הענגיק פונעמ באַשטאַנד אונ אייגנשאַפטנ פונעמ איצט טעטיקנ יונגנ דאָר, איז
קעדיי צו פאַרפולקומענ דאָס ערשטע, נייטיק צו דורכפירנ אינ דעמ לעצטנ אַזאַ אָפּ־
קלײַב פונ מענטשנ, וואָס זאָל געבנ אַנ אָנסאָפעקדיקע גאַראַנטיע אינ הינזיכט פונ
זיכערקײַט. אָדער, ריידנדיק מיט דער שפּראַכ פונ דער וויסנשאַפט, איז נייטיק צו־
גלײַכ מיט אַנדערע פאַר דער לעצטער צײַט אַנטשטאַנענע אינסטיטוטנ, שאַפנ נאָכ
אַנ אינסטיטוט פונ ראַסעווע יונגע לײַט".

די „אידייענ" אונ די פיגור גופע פונ אַרכימעדאָווג האָבנ אַרויסגערופנ אַנ אויס־
געשריי „פלוידערײַ", אָבער דאָס איז געווענ אינ שטשעדרינס צײַטנ. אינ הײַנטצײַ־
טיקנ דײַטשלאַנד אונ אינ דער הײַנטצײַטיקער איטאַליע פאַלט צונויפ די דאָזיקע
פלוידערײַ וואָרט אינ וואָרט מיט דער אָפיציעלער וויסנשאַפט אונ אָפיציעלער פּראָ־
גראַמ פונ דער מעלוכישער טעטיקײַט, אונ פעדאָט אַרכימעדאָוו אַליינ וואָלט אַנער־
קענט געוואָרנ פאַר א מענטשנ פונ וויסנשאַפט, אייצע אונ אָנפירונג.

שטשעדרינס סאַטירע איז הײַנט מיט איר שאַרפ געווענדעט קעגנ די פאַשיס־
טישע מענטשנ־פײַנטלעכע היצרייד. צי דענ קענ מענ זיכ פאָרשטעלנ א מער וווּנ־
דערבאַר בילד—א סאַטירע, וואָס איז פאַרקערפּערט אינ דער רעאַלער מעלוכישער
פּראַקטיק. די סאַטירע, וואָס פלעגט בא שטשעדרינס סאָנים אַרויסרופנ שטענדיקע
באַשולדיקונגענ אינ איבערגעטריבנקײַט, אויסטראַכטונג, שאַרזש, זעט אויס, ווי אַנ אור־
קוואַל פונ דער פּראָגראַמ אונ פּראַקטיק פונעמ אַלוועלטלעכנ פאַשיזמ. דאָס איז זייער
א בולעטער באַווײַז פונעמ סאָפ, פונ דער אויסגעשעפּטקײַט פונעמ אַלוועלטלעכנ
קאַפּיטאַליזמ!

ווענ דער סאָוועטנפאַרבאַנד האָט אַלפאָלקיש באַהאַנדלט דעמ פּראָיעקט פונ דער
נײַער קאָנסטיטוציע, האָט דער דײַטשישער פאַשיסטישער אָפיציאָז געפּרווּוט דיסקרע-

דיטירן אים, דערקלערנדיק, אַז ער שטעלט מיט זיך ניט פאָר קיין שום אינטערעס, ווײַל פּסםר, הייסט עס, איז ניט קיין מעלוכע, נאָר אַ „געאָגראַפישער באַגריף". דער כאַוועך סטאַלין האָט, קעדיי צו באַווײַזן די אומגעלומפּערטע טעמפּקײַט פון די פּאַ־שיסטישע סאַמאָדורן און די אומבאַזיגבאַרע קראַפט פון דעם נײַעם סאָוועטישן לעבן, אויסגענוצט אין זײַן פאָרטראַג שטשעדרינס געשטאַלט פונעם בעריעדיקן נאַ־טשאַלניק.

„אין איינער פון זײַנע מײַסעלעך־דערציילונגען—האָט געזאָגט דער כאַווער סטאַלין—גיט דער גרויסער רוסישער שרײַבער שטשעדרין אַ טיפּ פון אַ ביוראָקראַט אַ סאַמאָדור, זייער אַ באַגרענעצטן און אַ טעמפּן, אָבער אַ ביז גאָר אײַנגעגלויבטן אין זיך און אַ בעריעריקן. נאָך דעם, ווי דער דאָזיקער ביוראָקראַט האָט אײַנגע־פירט אין דער געגנט, וואָס מע האָט אים „אָנגעטרויט", „אָרדענונג און שטילקײַט", אויסראָטנדיק טויזנטער אײַנוווינער און פאַרברענענדיק צענדליקער שטעט, האָט ער זיך ארומגעקוקט און באַמערקט אויפן האָריזאָנט אַמעריקע, אַ לאַנד, וואָס איז, פאַר־שטייט זיך, ווייניק באַקאַנט, ווו עס זײַנען פאַראַן, ווײַזט זיך אַרויס, עפּעס פרײַ־הײַטן, וואָס פאַרפירן דאָס פאָלק, און ווו מיט דער מעלוכע פירט מען אָן מיט אַנ־דערע מעטאָדן. דער ביוראָקראַט האָט באַמערקט אַמעריקע און איז געוואָרן אויפגע־בראַכט: וואָס איז עס פאַרא לאַנד, פונוואַנען האָט זיך עס גענומען, אַף וואָסער אַזאַ גרונט עקזיסטירט עס? (אַלגעמיינער געלעכטער, אַפּלאָדיסמענטן). פאַרשטייט זיך, מע האָט עס צופעליק געעפנט מיט עטלעכע יאָרהונדערט צוריק, אָבער צי קען מען עס ווידער ניט פאַרמאַכן, אַז עס זאָל דערפון גאָר קיין זייכער ניט בלײַבן? (אַלגע־מיינער געלעכטער). זאָגנדיק דאָס, האָט ער אָוועקגעלייגט אַ רעזאָלוציע: „פאַרמאַכן ווידער אַמעריקע!" (אַלגעמיינער געלעכטער).

מיר דוכט, אַז די הערן פון „דויטשע דיפּלאָמאַטיש־פּאָליטישע קאָרעספּאָנדענץ" זײַנען ווי צוויי טראָפּנס וואַסער ענלעך צו שטשעדרינס ביוראָקראַט. (אַלגעמיינער געלעכטער, באַווילקנדיקע אַפּלאָדיסמענטן). די דאָזיקע הערן רײַסט שוין לאַנג דער פּסםר די אויגן. 19 יאָר שטייט פּסםר, ווי אַ לײַכט־טורעם, אָנשטעקנדיק מיט באַ־פרײַונגס־גײַסט דעם אַרבעטער־קלאַס פון דער גאַנצער וועלט און אַרויסרופנדיק אַ ווילדן צאָרן בײַ די סאָנים פונעם אַרבעטער־קלאַס. און ער, פּסםר, ווײַזט זיך אַרויס, איז ניט נאָר פּאָשעט ער עקזיסטירט, נאָר ער וואַקסט אַפילע, און ניט בלויז ער וואַקסט, נאָר ער פּראָגרעסירט אַפילע, און ניט בלויז ער פּראָגרעסירט, נאָר ער פאַרפאַסט אַפילע אַ פּראָיעקט פון אַ נײַער קאָנסטיטוציע, אַ פּראָיעקט, וואָס רעגט די מויכעס, וואָס גיט אַרײַן נײַע האָפענונגען די אונטערדריקטע קלאַסן (אַפּלאָדיסמענטן). ווי זשע זאָלן נאָך דעם זיך ניט אויפרעגן די הערן פון דײַטשישן אָפּיציאָז? וואָס איז דאָס פאַרא לאַנד, שרײַען זיי, אַף וואָסער אַזאַ גרונט עקזיסטירט עס (אַלגעמיינער געלעכטער), און אויב מע האָט עס געעפנט אין אָקטיאַבער 1917 יאָר, איז פאַרוואָס קאָן מען עס ווידער ניט פאַרמאַכן, אַז עס זאָל פון דעם קיין זייכער ניט בלײַבן? און זאָגנדיק דאָס, האָבן זיי באַשטימט: פאַרמאַכן ווידער פּסםר, דערקלערן, אַז די גאַנצע וועלט זאָל הערן, אַז פּסםר, אַלס מעלוכע, עקזיסטירט ניט, אַז פּסםר איז ניט קיין אַנדער זאַך, ווי אַ פּאָשעטער געאָגראַפישער באַגריף! (אַלגעמיינער געלעכטער).

אוועקלייגנדיק די רעוואָליוציע וועגנ פארמאכנ ווידער אמעריקע, האָט דער שטשעדרינישער ביוראָקראט, ניט געקוקט אפ זײַנ גאנצער טעמפקײַט, דאָכ געפונענ אינ זיכ עלעמענטנ פונ באנעמענ דאָס רעאלע, זאָגנדיק פאר זיכ גלײַכ אפנ אָרט: „אָבער דוכט זיכ, דאָס דאָזיקע ווענדט זיכ ניט פונ מיר" (אופברויז פונ פריילעכנ געלעכטער, שטורמישע אפלאָדיסמענטנ). איכ ווייס ניט, צי וועט קלעקנ סייכל בא די הערנ פונעמ דײַטשישנ אָפיציאָז אָנצושטויסנ זיכ, אז „פארמאכנ" אפנ פאפיר די אָדער יענע מעלוכע קאָנענ זיי, פארשטייט זיכ, אָבער אויב מע זאָל ריידנ ערנסט, „ווענדט זיכ דאָס דאָזיקע ניט פונ זיי"... (אופברויז פונ פריילעכנ געלעכטער. אפלאָדיסמענטנ).

שטשעדרינס מײַסעלע וועגנ דעמ בעריעדיקנ נאטשאלניק האָט געשפילט א ראָל פונ א וויזנטלעכנ הילפ־מאטעריאל אינעמ כאווער סטאלינס קריטיק איבער די פאשיסטישע ארויסטרעטונגענ קעגנ דער קאָנסטיטוציע פונ פססר. דאָס מײַסעלע האָט ארויסגערופנ א האָמערישנ געלעכטער פונ סאָוועטנ־צוזאמענפאָר. צוזאמענ מיטנ צוזאמענפאָר האָט געלאכט דאָס גאנצע לאנד, די גאנצע וועלט. אלע האָבנ דערזענ, אז די הײַנטצײַטיקע פאשיסטנ זײַנענ זייער ענלעכ אפ די שטשעדרינישע אידיאָטיש־טעמפע, בעריעדיקע נאטשאלניקעס. אלע האָבנ דערזענ, אז וויפל עס זאָלנ ניט שיטנ קיינ פעכ אונ שוועבל די בעריעדיקע ביוראָקראטנ — וועלנ זיי ניט בײַקומענ דעמ פססר, זיי וועלנ ניט בײַקומענ די דעמאָקראטיע אונ דעמ סאָציאליזמ, וואָס דער אָנשפאר פונ דעמ איז דער סאָוועטנפארבאנד. שטשעדרינס מײַסעלע אינ דעמ כאווער סטאלינס פאָרטראג האָט איידעס געזאָגט וועגנ דעמ, אז וויפל די פאשיסטנ זאָלנ זיכ ניט סטארענ א קער טאָנ די געשיכטע אפ צוריק, — וועט זיכ זיי עס ניט אײַנגעבנ, ווי עס האָט זיכ ניט אײַנגעגעבנ דעמ בעריעדיקנ נאטשאלניק צו פארמאכנ אמעריקע. די ווילד געוואָרענע טעמפקײַט קענ פארגיסנ אסאכ בלוט, קענ אָנטאָנ פיל שאָדנ, אָבער איר צערײַצטקײַט איז א צערײַצטקײַט פונ אָנמאכט.

דאָס לעבנ איז אומבאזיגבאר, דאָס פאָלק איז אײביק אונ קענ ניט אויסגעראָטנ ווערנ, דער עמעס אונ גערעכטיקײַט וועלנ טריומפירנ אינ גאָר דער וועלט. אזא איז שטשעדרינס גאנצע שאפונג. זי דעמאסקירט די זינלאָזיקײַט, טעמפקײַט, אכזאָריעס פונ די פארורטיילטע הערשנדיקע קלאסנ — זי באהויפטעט די קראפט, לעבנספייִקײַט אונ אומפארמײַדלעכקײַט פונעמ זיג פונ די אידעאלנ פונ דעמאָקראטיע אונ סאָציאליזמ.

א. מארגוליס

# די ייִדישע פּאָלקס-מאסן אין די הונגער-„אומאָרדענונגען“ פון 1891 יאָר

(לויט ניט פאַרעפנטלעכטע ארכיוו־מאטעריאַלן)

## 1. גרונט-שטריכן פון דער אלרוסלענדישער און ייִדישער ווירקלעכקייט צום אָנהייב 90-ער יאָרן פון XIX יאָרהונדערט

די פּויערים־רעפאָרמע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין רוסלאַנד אין 1861 י., „פון אויבן“—דורך דער צאַריש־פּריצישער מעלוכע—האָט איבערגעלאָזט גאָר שטאַרקע רעשטן פון לײַבקנעכטשאַפט אין לאַנד. סײַ עקאָנאָמיש און סײַ סאָציִאַל־פּאָליטיש איז דער פּויער געבליבן אָפּהענגיק פון דעם גוטבאַזיצער. נאָך די קאָנטר־רעפאָרמעס בײַס דעם קיניגן פון אַלעקסאַנדער III, די קאָנטר־רעפאָרמעס, וועלכע האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט די לײַבקנעכטישע איבערבלײַבעכצן, איז דאָס רוסלענדישע דאָרף דערפירט געוואָרן צום לעצטן גראַד פון עלנט און פּײַן.

די שווערע שטײַערן און אָפּצאָלן, די טײַערע פּרײַזן אַף ערד־אַרענדע, די אַלטע פעאָדאַלע פאַנשטשינע און טשינש אין נײַע פאָרמעס פון „אָפּאַרבעטונגען“ און „העלפט גערעטעניש“ („отработки“ און „испольщина“), די צוגעבונדנקײַט צו דער געמיינדע, „דער צאַר און גאָט“ אין דאָרף—דער „זעמסקי נאַטשאַלניק“, די דאָזיקע קאַזיאָנע אָנשיקעניש, וואָס האָט געזאָלט פאַרקערפּערן די אַלטע „פּאַטריאַרכאַלע“ מאַכט פון דעם לײַבייגנטימער,—אָט־אָ דאָס גאַנצע בינטל מיט שלעק האָט געהאַט אַף זיך אויסצוטראָגן דער אומגליקלעכער פּויער.

דער רעזולטאַט איז געווען—דאָס שנעלע אָנוואַקסן פון פּאַופּעריזאַציע (באַלעבאַטישקײַטן אָן פאַרזיי־שעטעכן, אָן זוימען, אָן אַרבעט־פי), פון „דעפּויעריזאַציע“, פון פאַרלאָזן מאַסנווײַז די ערד, ציִען אין שטאָט אַרײַן און דערשלונגען ווערן פון דער פאַבריק, וואָס וואַקסט אַף דעם כעזשבן פון די דאָזיקע אַלט־נײַע קנעכט, דער אופקום פון אַ ווילדן, רויבערישן קולאַקנטום. אין די הענט פון די פּריצים זײַנען פאַרבליבן קאָלאָסאַלע מאַיאָנטקעס—לאַטיפונדיעס.

ס'איז קלאָר, אז אין דעם רוסלענדישן נאָכרעפאָרמישן דאָרף, וואָס האָט געשלעפּט נאָך זיך אזא שווערע לײַבקנעכטישע ירושע, איז הונגער געווען אן אָפּטער גאַסט.

לענינ האָט אינ 1901 יאָר, אינ דעמ הונגער־יאָר געשריבנ:

„בעפיירעש טאקע די רעשטנ פונ לײַבייגנטומ אינ דעמ גאנצנ סכומ זייערנ פארורזאכנ יענע שטענדיקע הונגערס פונ מיליאָנענ פויערימ, וועלכע טיילנ אויס רוסלאנד פונ אלע ציוויליזירטע נאציעס“. (V, 117)

הונגער האָט פריִער פאר אלעמענ געשלאָגנ דאָס דאָרפ, אָבער אינ אזא פויעריש לאנד, ווי רוסלאנד יענע צײַט, ווו לאנדווירטשאפט האָט פארנומענ דאָס אָנגעזעענסטע אָרט אינ דער פאָלקס־האכנאָסע, האָט דער הונגער זיכ אָפגעשפיגלט אפ אלע איבעריקע געביטנ פונ דער פאָלקסווירטשאפט, האָט זיכ אָפגערופנ אפ אלע איבעריקע שיכטנ פונ דער באפעלקערונג, באזונדערס אפ די ארבעטער, קליינבירגערטומ אונ דער אָרעמשאפט אינ שטאָט אונ שטעטל.

אפילע צווישנ די אָפטע הונגערס אינ רוסלאנד פארנעמט דער הונגער, וואָס האָט ארומגעכאפט א רײ גובערניעס אינ צענטראל־רוסלאנד אינ 1891 י., גאָר אנ אָנגעזעענ אָרט. ס'איז גענוג צו ברענגענ דעמ איינעמ פאקט פונ דרײַ מאָל הונדערט טויזנט הונגער־טויטנ, ניט ריידנ מער וועגנ גאָרניט, קעדיי זיכ פאָרצושטעלנ, ווי גרויס ס'איז געווענ דער אומגליק.

ווי האָט עס געהאלטנ דאנ מיט דער ייִדישער באפעלקערונג, וועלכע האָט געהאט אויסצושטיינ אינ צארישנ רוסלאנד, כוץ די אלגעמיינע, נאָכ אירע ספעציפישע פלאָגנ?

נאָכ א קליינעמ איבערײַס, וואָס פאלט צונויפ מיט דער צײַט פונ די רעפאָרמעס אינ דעמ ערשטנ פעריאָד פונ אלעקסאנדער II קיניגנ, קערט זיכ דער צאריזמ אומ צו זײַנ אלטער יודאָפאָבישער פאָליטיק. אונ פונקט אזוי ווי די קליינע פארלײַכטערונגענ אינ דער ייִדישער רעכטלאָזיקײַט זײַנענ געמאכט געוואָרנ אינ די יאָרנ פונ די בורזשואזע רעפאָרמעס, אזוי איז אויכ דער אנטשיידענער קער אפ צוריק, צו דער אלטער ייִדנ־פאָליטיק, געקומענ איניינעמ מיט דעמ אָנגריפ פונ דער פריציש־ביוראָקראטיש־רעאקציאָנערער קליקע אינ די 80־ער יאָרנ אונ איז א באשטאנד־טייל פונ אָט דעמ אָנגריפ. פונ די צײַטנ, ווענ א טייל צארישע ביוראָקראטנ האָבנ, איבער דער צי יענער סיבע, געמאכט דעמ אָנשטעל, אז זיי זײַנענ קלוימערשט ליבעראלנ אינ דער ייִדנ־פראגע, איז אָפגעלאָפנ ניט איינ וואסער. די אָפיציעלע אונ אָפיציאָזע אנשטאלטנ אונ פערזאָנענ האָבנ שוינ אייגנטלעכ נאָכ פריִער, פאר די 80־ער יאָרנ, זיכ אומגעקערט צוריק אהיימ, אפנ אלטנ באָדנ פונ דער טראדיציאָנעלער פעאָדאל־קלעריקאל־ביוראָקראטישער יודאָפאָביע. אונ דאָכ זײַנענ די 80־ער יאָרנ אנ איבערבראָכ־מאָמענט אינ דער ייִדישער, ווי אינ דער גאנצער, פאָליטיק. די מאדרייגע, די אינטענסיווקײַט, דער גראדוס, אזוי צו זאָגנ, פונ דעמ אנטיסעמיטישנ ווילדעווענ—דאָס איז יענער צייכנ, וואָס טיילט אָפ די אכציקער אונ די ווײַטערדיקע יאָרנ פונ דעמ פריִערדיקנ פעריאָד.

די אכציקער יאָרנ עפענענ זיכ אופ מיט דער ערשטער (כראָנאָלאָגיש) סעריע פונ אנטי־ייִדישע פאָגראָמענ (ביז דאנ זײַנענ געווענ דרײַ פאָגראָמענ אינ פארשיידענע יאָרנ אינ אָדעס—אינ 1821, 1859 אונ 1871 י.), וואָס זײַנענ אָפגעטאָנ געוואָרנ לויט

א באשטימטנ שאבלאָנ אינ א קורצ שטיקל צײַט אונ ארומגעכאפט צענדליקער פונקטנ. נאָכ די פאָגראָמענ גייט אוועק א גאנצע אָרגאניזירטע אנטיסעמיטישע קאמפאניע—א „שטודיום“ אינ דער ייִדנ־פראגע פונ א ריי ספעציִעלע „גובערניִאלע קאָמיסיעס“, וואָס ווערנ געגרינדעט אפ די ערטער. די קאָמיסיעס באשטייענ פונ אזעלכע הויכ־געלערנטע ייִדנ־קענער, ווי צארישע טשינאָווניקעס אונ ניט־ייִדישע פנײ פונ די שטאָטישע קופצעס, רײַכע מעשטשאנעס, גאלאָכים א.ד.גל. די קאָמיסיעס באקומענ אנ אינסטרוקציע, וואָס זײ האָבנ צו טאָנ—זײ דארפנ אופווײַזנ קאָנקרעט, אינ וואָס באשטייט די עקספלואטאציע פונ דער ניט־ייִדישער באפעלקערונג דורכ ייִדנ (דער דאָזיקער טעזיס ווערט געגעבנ, אלזאָ, אלס אקסיִאָמע) אונ ווי צו באקעמפנ אָט די עקספלואטאציע. הײַנט צו טאָג פארמאָגנ מיר א ריי „Труды“ פונ די קאָמיסיעס, ווו עס שעמערירט ניט איינ פערלשטיינ פונ דער דאָזיקער גובערניִאלער ביוראָקראטיש־אדלדיקער טיפּוזיניקײַט. נאָכ די „גובערניִאלע קאָמיסיעס“ קומענ די „צײַטווײַליקע (מײַנ אונטערשטרײַכונג—אָ. מ.) קלאָלים“ („ביזנ אלגעמיינעמ איבערקוק פונ די געזעצנ וועגנ ייִדנ“) פונ 3 מײַ 1882 י. וועגנ דעמ, אז ייִדנ טאָרנ זיכ ניט „באזעצנ פונדאָסנײַ“ אינ די דערפער (די „צײַטווײַליקע קלאָלימ“ האָט ליקווידירט צווישנ איבעריקנ צארישנ קויט די זיגרײַכע פראָלעטארישע רעוואָליוציע). ווידער דאָס ניט טאָרנ זיכ צו באזעצנ „פונדאָסנײַ“ האָט זיכ פארוואנדלט אינ א סיסטעמאטיש טרײַבנ פונ די דערפער די אלטגעזעסענע ייִדנ.

ווײַטער זײַנענ די 80־ער יאָרנ פארפולט מיט אומופהערלעכע טאָגטעגלעכע „געוויסנהאפטע“ באמיִונגענ פונ אלערליי ראנגענ צארישע מאכטהאָבער—הויכע, מיטעלע, קלענערע, גאָר קליינע—אפ אנצוווענדנ דעמ גאנצנ בארג ייִדנ־געזעצנ, מיט נײַע פּירושימ צו זײ, מיט שפּאָגל־נײַע אקטנ פונ ייִדישער רעכטלאָזיקײַט. אינ די 80־ער יאָרנ ווערט געשאפנ א נײַער „טכומ“ אינ דעמ אלטנ („צײַטווײַליקע קלאָלימ“), עס הייבנ זיכ אָנ מאסנ־גיירושימ פונ די דערפער, פונ די פארבאָטענע שטעט, עס נעמענ אָנגיינ אינ דער ברייטער פראקטיק די בארימטע „אָבלאוועס“ אפ רעכטלאָזע ייִדנ מיט די עטאפ־רײַזעס „קיינ היימלאנד“ („На родину“).

1886 שיקט דער פאָליציי־דעפארטאמענט א געהיימענ צירקוליאר וועגנ ייִדנ—„פאָליטישע פארברעכער“, מע זאָל זײ ארויסשיקנ בלויז קיינ מיזרעכ־סיביר אונ ניט ווייניקער, ווי אפ 10 יאָר צײַט. 1887 גייט ארויס דער געזעצ וועגנ פראָצענט־נאָרמע אינ די שולנ. 1889 ווערט פארבאָטנ אָנצונעמענ ייִדנ אינ דער אדוואָקאטור. אָנהייב 1891 טרײַבנ די צארישע מערדער ארויס צוואנציק טויזנט (!) ייִדנ האנטווערקער אונ אָרעמשאפט פונ מאָסקווע אינ די שטעט אונ שטעטלעכ פונ „טכומ“, וועלכע זײַנענ געווענ איבערגעפולט מיט באלמעלאָכעס אונ קליינע קלייטניקעס.

מע דארפ נעמענ אינ באטראכט נאָכ אייניקע וויכטיקע מאָמענטנ. די 80־ער יאָרנ זײַנענ געווענ יאָרנ פונ אינדוסטריִעלנ קריזיס, וואָס האָט שטארק אָנגערירט די שטאָטישע באפעלקערונג (אונ ייִדנ וווינענ שוינ דאנ אינ דער ווײַט גרעססער טייל אינ שטעט אונ שטעטלעכ).

יענע צײַט הייבט זיכ אָנ אינ די ראַאָנענ פונ טכומ דער אונטערגאנג פונ דעמ האנטווערק אונ דאָס אריבערוואקסנ זײַנס צו מאנופאקטור אונ הויז־אינדוסטריע. פונקט דאנ, אינ 1891, לאָזט זיכ אינ טכומ צו באמערקנ א שטארקע „יוירונג אינ

די מויכעס״—גרויסע שיכטנ פונ דעמ פאָלק ווארטנ אפ „יעשועס״ פונ דעמ באוווסטנ ייִדישנ בורזשואזנ פילאנטראָפ, באראָנ הירשס, ארגענטינע־פּלענער (גיכ לאָזט זיכ פונ זײ אויס א טײַכ).

אָט אָ־דער גאנצער סכומ פאקטנ, וואָס מיר האָבנ דאָ ארויסגעבראכט, בילדעט יענעמ פאָנ פונ דער אלגעמײנער רוסישער אונ ייִדישער ווירקלעכקײַט צומ אָנהייב 90־ער יאָרנ, ווענ עס וויקלענ זיכ פאנאנדער די געשעענישנ, וואָס מיר אנאליזירנ ווײַטער.

## 2. די הונגער־„אומאָרדענונגענ״ אונ דער אָנטײל פונ די ייִדישע פאָלקס־מאסנ אינ די דאָזיקע „אומאָרדענונגענ״

לענינ האָט געשריבנ, אז בײַס הונגער אינ רוסלאנד פלעגט
„די מעלוכע—דער רויבער פרווּונ צו פאראדירנ פאר דער באפעלקערונג אינ דער ליכטיקער ראָליע פונ א זאָרגזאמענ שפּײַזער פונ דעמ פאָלק, וואָס זי אלײנ טאקע האָט עס באַרויבט״ (V, 55—56).

אָט אזא פאראדירונג־אקט איז געווענ דער צארישער באפעל, וואָס איז ארויס אָנהייב אווגוסט 1891, אז נאָכנ 15 אווגוסט זאָל מענ ניט טאָרנ ארויספירנ קיינ קאָרנ קיינ אויסלאנד—דאָס ברויט זאָל בלײַבנ אינ לאנד.

פארשטייט זיכ, אז פאר דעמ קלײנ שטיקל צײַט—ביזנ 15־טנ אווגוסט—האָבנ די טווע־סאָחרימ—די אלטע אונ די נײַ־אופגעקומענע—פונ די ראיאָנענ, וואָס זײַנענ געלעגנ נאָענט אָדער פארהעלטנישמעסיק ניט ווײַט פונ דער מײַרעוו־גרענעצ, פאנאנדערגעוויקלט א ווילדע ספעקוליאציווע וואקכאנאליע. זײ האָבנ גענומענ אופקויפנ אונ יאָגנ קיינ אויסלאנד קאָלאָסאלע מענגעס מיט ברויט. מאכמעס דעמ שווערנ הונגער אינ די צענטראלע גובערניעס אונ פיל רעגנ, וואָס איז יענצ יאָר געגאנגענ בײַסנ שניט, איז די פרײַז אפ טווע ביכלאל געשטיגנ. אז עס זיכ האָט אופגעהויבנ דער אזשיאָטאזש ארומ דעמ טווע־עקספּאָרט, איז דער יאקרעס געוואָרנ אומגעהויער.

דאָס האָט סטיכייִש געגעבנ א הייב אופ די שטאָטישע אונ שטעטלדיקע, טײלווײַז די דאָרפישע אָרעמשאפט. אינ מעשעכ פונ געציילטע עטלעכע טעג אינ דער ערשטער אווגוסט־דעקאדע ברעכנ אויס גרעסערע אונ קלענערע „אומאָרדענונגענ״ אפ א שעטעכ פונ העכער 400 קילאָמעטער מיט דער אײַזנבאנ־ליניע, אינ פיר גובערניעס (וויטעבסקער, קאָוונער, גראָדנער, ווילנער), אינ עטלעכע צענדליק פונקטנ (מיר האָבנ אָנגעציילט בא 50 אזעלכע ערטער, וואָס עס גיבנ אָנ די אָפיציעלע יעדיעס). די צאָל אָנטײלנעמער דארפ מענ רעכענענ אינ די טויזנטער.

אומעטומ, ווו די געשעענישנ נעמענ אָנ א מער ווײניק ערנסטנ כאראקטער, טרעטנ ארויס, לויט די מאטעריאלנ פונ דעמ ארכיוו-איניענ[1], מאכנעס מענטשנ מיט קאָלט געווער.

[1]) אונדזער ארטיקל איז געבויט אפנ גרונט פונ דעמ „איניענ״ („Дело״) פונ דעמ ארכיוו־פאָנד פונ דעמ פאָליציי־דעפארטאמענט, 3 געשעפט־פירונג, 1891 י., № 1052—„וועגנ דער קאָמאנדירונג פונ דעמ ווירקלעכנ שטאטס־ראט סאבוראָוו אינ וויטעבסקער, ווילנער אונ קאָוונער גובערניעס״. דער „איניענ״ באשטייט פונ ראפּאָרטנ פונ דער אָרטיקער מאכט וועגנ די געשעענישנ אונ פונ סאבוראָווס רעזומירנדיקנ מעמאָראנדומ (שמיר־טעקסט). בל... באצייכנט אומעטומ אינ ארטיקל די אנטשפּרעכיקע בלאט פונ דעמ „איניענ״ פונ פאָליציי־דעפארטאמענט.

א מײנסטנ פֿארהאלֿט מענ די פֿורנ, װאָס פֿירנ די טױטע צומ באנ אונ מע קערט זײ אומ צוריק. אינ א רײ ערטער, איבערהױפּט װענ די פֿורלײַט װילֿנ זיכ ניט אומ־קערנ, שנײַדט מענ אופֿ די זעק אונ מע לֿאָזט די טױטע זיכ שיטנ אפֿ דער ערד. אפֿ די באנ־סטאנציעס לֿאָדט מענ פֿאנאנדער די אָנגעלֿאָדענע פּראכט־װאגאָנעס, אמאָלֿ גאנצע צוגנ (װיטעבסק). אינ אײניקע פֿאלֿנ רײַסט מענ אראָפּ די פּלֿאָמבעס פֿונ די פֿארכאסמעטע װאגאָנעס. מע שיט אויס די טױטע אפֿ דער פּלֿאטפֿאָרמע, אפֿ די פּראכט־שיפֿנ שנײַדט מענ אויכ אופֿ די זעק אונ מע נעמט שיטנ דאָס קאָרנ אינ װאסער ארײַנ.

דאָס איז דער טאָכ, דער סקעלֿעט פֿונ די געשעענישנ, װאָס װיקלֿענ זיכ פֿאנאנ־דער אפֿ א דראמאטישנ אופֿנ—בא גרױסע צונױפֿלֿױפֿענישנ פֿונ מענטשנ, געשרײענ, געשלֿעגערײַענ.

אָט זײַנענ עטלֿעכע כאראקטעריסטישע דעטאלֿנ.

„לֿאָמיר שױנ בעסער שטארבנ אפֿ קאטאָרגע, אײדער אינ אונדזערע גע־בױרנ־ערטער—פֿונ הונגער־טױט. לֿעבנ װילֿנ מיר! עסנ װילֿנ מיר!—האָט מענ געהערט אױסגעשרײענ פֿונ דעמ אופֿגעבונטעװעטנ פֿאָלֿק" —

— דערצײלֿט א קאָרעספּאָנדענצ װעגנ דעמ „בונט", װאָס עס האָט אופֿגעהױבנ „די גאנצע הונגעריקע לֿידע אינ שפּיצ מיט די אָרעמע האנטװערקער" („װילֿענסקי װעסט־ניק", 1891, № 172).

װעגנ אײנס א שטעטלֿ װערט דערצײלֿט אפֿ א קאזיאָנעמ הילֿצערנעמ לֿאָשנ אזױ:

„אינ דעמ שטעטלֿ יעװיע (טראָקער אויעזד, װילֿנער גובערניע) האָט א צװאלֿדיקער האמוינ ייִדנ—מענער, פֿרױענ אונ קינדער—מיט גװאלֿד פֿאנאנדער־געלֿאָדנ א װאגאָנ מיט קאָרנ אונ צװײ לֿײדיקע װאגאָנעס, פֿארמאכטע אונ פֿארפּלֿאָמבירטע, איז געשטערט געװאָרנ אָפּצושיקנ, לֿײגנדיק זיכ אװעק פֿארבײַ דעמ לֿאָקאָמאָטיװ" (בלֿ. 48)*.

אינ שאװעלֿ האָבנ זיכ

„די סאמע פֿארברענטע אװעקגעלֿײגט אפֿ די רעלֿסנ" („װילֿענסקי װעסטניק", 1891 נומ. 172").

אָנטײלֿנעמער אינ די ארױסטרעטונגענ זײַנענ

„מעשטשאנעס, שטעטלֿדיקע אײַנװױנער, זאװאָדישע אונ אײַזנבאנ־ארבעטער אונ ערדלֿאָזע פּױערימ", „מענטשנ הײמלֿאָזע, געהערנ צו דעמ קלֿאס האנטװער־קער אָדער טאָג־ארבעטער, װאָס האָבנ ניט קײנ באשטימטע באשעפֿטיקונג" (בלֿעטער 68 אונ 5).

כאראקטעריסטיש איז, אז, װי אינ אלֿע הונגער־אופּרורנ, שפּילֿנ די פֿרױענ גאָר אנ אָנגעזעענע ראָלֿע.

פֿארשטײט זיכ, אז די ייִדישע פֿאָלֿקס־מאסנ, װאָס האָבנ געדיכט באפֿעלֿקערט די

שטעטלעכ אונ שטעט פונ די אָנגערופענע פיר גובערניעס, האָבנ גענומענ א גרויסנ אָנטייל אינ די ארויסטרעטונגענ:

„אָרעמע ייִדנ האָבנ גענומענ דעמ הויפט־אָנטייל“ (בל. 28), „ייִדנ האָבנ גענומענ דעמ לעבהאפטסטנ אָנטייל“ (בל. 15). „די פערזאָנענ, וואָס האָבנ געמאכט די אומאָרדענונגענ, זײַנענ באשטאנענ טײלווײַז פונ רוסישע סטאראָאָבריאדצעס אונ מער פאר אלצ פונ ייִדנ“ (בל. 5).

א ריי אזעלכע באהויפטונגענ באגעגנט מענ אינ פארשיידענע ערטער פונ דעמ „איניענ“.

דער באאמטער פונ פאָליציי־דעפארטאמענט סאבוראָוו, וואָס איז ארויסגעשיקט געוואָרנ אפ אויסצופאָרשנ די געשעענישנ, שרײַבט, אז

„אינ אָנהייב קומענ פאָר די אומאָרדענונגענ מיט ער אָפהיטונג פונ א געוויסער אָרדענונג“ (בל. 64).

אונ ווירקלעכ—ניט געקוקט אפ דער גאנצער סטיכייִשקײַט פונ דער פאָלקס־באַוועגונג, איז צו באמערקנ א געויסנ גראד אָרגאניזירטקײַט אונ צילאָנגעווענדטקײַט. דאָס דריקט זיכ אויס אינ דערינ, וואָס די טוווע לייגט מענ אָפט אָפ אינ ספעציעלע שפײַכלערס, אָדער מע פירט זי אוועק אינ שטאָט־אופראווע, אינ וואָלאָסט. דאָס פאָלק שטעלט ארויס פונ זיכ קאראולנ אפ צו היטנ דאָס ברויט א. א. וו. אינ דער הינזיכט טײלט זיכ אויס באזונדערס די שטאָט ווילקאָמיר.

„אינ ווילקאָמיר האָבנ זיכ די אומרועני אָנגעהויבנ דעמ 4־טנ אווגוסט אונ געדויערט ביזנ 8־טנ. די אײַנוווינער, פארלאָזנדיק אלע זייערע ארבעטנ (מײַנ אונטערשטרײַכונג—אָ. מ.) פלעגנ זיכ אופזאמלענ אפ די גאסנ אונ פלעצער... אונ ניט דורכלאָזנ קיינ איינ פור מיט טוווע. די פארהאלטענע טראנספאָרטנ פלעגט מענ צונויפציענ אפנ פלאצ... די פרויענ האָבנ געהאלטנ קאראולנ אונ געביטנ איינע די אנדערע... זיי פלעגנ קומענ אפילע מיט זויגקינדער. באמ שטעלנ זיכ קעגנ דער פאָליציי זײַנענ פאָרויס געגאנגענ פרויענ... די מאנצבילנ פלעגנ זיכ אויסבאהאלטנ... באווײַזנדיק זיכ פונ זייערע לאָקערערטער נאָכנ ערשטנ רופ. דער גרעסטער טייל מאנצבילנ זײַנענ געווענ באוואָפנט מיט דרענגלעכ, שטיינער, מעסערס אונ אפילע מיט העק... קעדיי צו באוואָרענענ מע זאָל ניט דורכפירנ קיינ טראנספאָרט טוווע באנאכט, האָט מענ צוגעבונדנ א שטריק צומ גלאָק פונ קאָסטיאָל אונ איינמאָל—פונ דעמ 6־טנ אפנ 7־טנ—האָט מענ אופגעהויבנ אנ אליארמ אונ דער האמוינ האָט זיכ פארגרעסערט“ (בל. 10, 11, 28).

אפ די סטאנציעס בעזדאנ אונ ווילייקע זײַנענ געווענ ארויסטרעטונגענ פונ די אײַזנבאנ־ארבעטער. זיי האָבנ אויכ פאנאנדערגעלאָדנ די וואגאָנעס, אָפגעלייגט די טוווע אינ שפײַכלערס, צעשטעלט קאראולנ פונ פרויענ, וואָס פלעגנ זיכ בײַטנ. די מאנצבילנ האָבנ זיכ אויסבאהאלטנ אָנ א זײַט אונ אויכ זיכ באוואָפנט מיט קאלט געווער.

ווי נאָר עס הייבנ זיכ אָנ די „אומרועני“, באווײַזנ זיכ די פאָליצייִש־זשאנדאר־

מישע „בארוּיקער". אין די פונקטן פון מער ערנסטערע „אומאָרדענונגען" קומען אראָפּ די גובערנאטאָרן, די העכערע זשאנדארמישע מאכט. אין א ריי ערטער באַגעגנט מען זיי מיט שטיינער, שטעקנס און קויט (פּאָלאָצק, ווילקאָמיר, סרעדניק, זעלווע, ווילייקע, סעבעזש). צי פאר די שטיינער, צי נאָך די שטיינער הייבן זיך אָן ארעסטן. באזונדערס יאָגט מען זיך נאָך די „אופרודערער". („зачинщики").

אָט איז א טייל יעדיעס וועגן די רעפּרעסיעס: אין פּאָלאָצק, שאוועל, ווילקאָמיר און ווילקאָמירער אויעזד, סעבעזש, דרויִע, לוצין, זעלווע, סרעדניק, קרעסלאווקע, ראדזיוויליִשקי, קורשאני, ליוקישקי האָט מען ארעסטירט און צוגעצויגן צו פאראנטוואָרטלעכקייט—258 מאן.

אין שאוועל, פּאָלאָצק און וויטעבסק ווארפט זיך א האמוין מענטשן אף דער פּאָליצײ אף אָפּצושלאָגן די ארעסטירטע „אופרודערער". אין „איניען" איז פאראן א ראפּאָרט פון פּאָלאָצקער געהילף־פּריסטאוו וועגן דעם, אז א האמוין „בונטאָווטשטשיקעס" פון 200 מאן (דאָס זאָל זיין, אפּאָנעם, יענע, וועלכע האָבן זיך געפּרוּווט צו באפרייען די ארעסטירטע) האָט באלאגערט אין מעשעכ פון צוויי שאָ צייט דאָס פּאָליצײ־הויז, געהאקט מיט שטיינער איבער דעם פּלויט, אויסגעזעצט די שויבן, דערביי זיינען שטיינער געפאלן אינווייניק אין דער געביידע, און א קאָמאנדע פּאָליציאנטן, וועלכע האָט זיך דאָרט געפונען, האָט זיך אויסגעבאהאלטן הינטער די ווענט (בל. 2).

די צוזאמענשטויסן מיט דער פּאָליצײ זיינען ניט אומעטום דער לעצטער עטאַפּ אין די געשעענישן—אין אייניקע ערטער ווערט ארויסגערופן מיליטער צוהילף דער פּאָליצײ. מיליטער האָט מען ארויסגערופן קיין פּאָלאָצק, וויטעבסק, בעוזאן, שאוועל און אין שטעטל קרעסלאווקע. קיין פּאָלאָצק האָט מען אפילע ארויסגעפאָדערט דריי באטאליאָן (!) סאָלדאטן.

קיין בעוזאן האָט מען ארויסגערופן מיליטער נאָכדעם, ווי די היכע באן־זשאנדארמישע נאטשאלסטווע און ווילנער גובערנאטאָר האָבן געפּרוּווט ווירקן אף די אייזנבאן-ארבעטער, זיי זאָלן ניט נעמען קיין אָנטייל אין די „אומאָרדענונגען", און זיי האָט זיך עס ניט איינגעגעבן. ביכלאל, ווען מע לייענט דעם דאָקומענט וועגן די געשעענישן אין בעוזאן און ווילייקע צווישן די שורעס, איז צו זעען, אז די היכע נאטשאלסטווע איז געווען שטארק באוּמרוּיִקט פון דעם אָנטייל פון די אייזנבאנער אין די „אומאָרדענונגען" און דערפון, וואָס צו זיי זיינען צוגעשטאנען נאָך ארבעטער פון איינעם א זאוואָד.

אין קרעסלאווקע איז, לויט די פּאָליציייִשע יעדיעס, די לאגע געווען אזא: נאָך דעם ווי איגדערפרי האָט מען פארהאלטן די וואגאָנעס מיט ברויט, האָבן אנטקעגן אָוונט זיך אויסגעבילדעט גרופּעס צו 100—50 מאן, וועלכע האָבן זיך געקליבן אָנצופאלן באנאכט אף די טוויע־שפּייכלערס און אף די רייכע הייזער. דאן איז ארויסגערופן געוואָרן אין שטעטל א מיליטער־קאָמאנדע פון 50 מאן. די „אופרודערער" האָט מען ארעסטירט.

וואָס איז שייעך פּאָלאָצק, וויטעבסק און שאוועל, האָט דאָ די פּאָליצײ ארויסגערופן מיליטער זיך צו הילף קעגן די „בונטאָווטשטשיקעס", וואָס האָבן געפּרוּווט זיך אָפּצושלאָגן די ארעסטירטע.

כאַראַקטעריסטיש איז דער פֿאַקט, וואָס אין קיין אָרט אין דעם „איניען“ איז ניט דערמאָנט דירעקט דער צוזאַמענבונד צווישן די צוויי פֿאַקטן—דעם אָנפֿאַל אױף צו באַפֿרײַען די אַרעסטירטע און דאָס אַרויסרופֿן מיליטער. מיר דערוויסן זיך וועגן דעם טײלווײַז פֿון דער פּרעסע (אָפּיציאָז „ווילענסקי וועסטניק“, נום. 172), טײלווײַז פֿון צונויפֿירן דאָס איידעס־זאָגן פֿון פֿאַרשיידענע שטעלן אין דעם „איניען“. ביכלאַל, אַז מע אַרבעט איבער דעם „איניען“, שאַפֿט זיך אַן אײַנדרוק, אַז אַ טייל פֿון דעם מאַטעריאַל, און אָפּנעם דער סאַמע וויכטיקסטער—וועגן די געשעענישן אין ווילייקע, בעזדאַן, פּאָלאָצק און וויטעבסק, איז פֿון דעם „איניען“ פֿאַרשוואונדן.

סאַבוראָוו שרײַבט, אַז די וויכטיקסטע אומאָרדענונגען זײַנען פֿאָרגעקומען אין בעזדאַן, ווילייקע און פּאָלאָצק. פֿון זײַן מעמאָראַנדום דערוויסן מיר זיך, אַז אין וויטעבסק זײַנען געפֿאַלן עטלעכע מענטשלעכע קאָרבאָנעס. און פּונקט וועגן אָט־די ערטער איז פֿאַראַן ווייניק שטאָף: וועגן ווילייקע און בעזדאַן—בלויז איין זשאַנדאַרמישער דאָקומענט, וועגן פּאָלאָצק, וווּהין מע האָט אַרויסגערופֿן אָנדערהאַלבן טויזנט סאָלדאַטן,—נאָר איין ראַפּאָרט פֿון דעם געהילף־פּריסטאַוו וועגן אָנפֿאַל אױף דער פּאָליציי־געבײַדע; וועגן וויטעבסק איז אין סאַבוראָווס מעמאָראַנדום דאָ אַ פּאָר זײַטן, אָבער דאָקומענטאַלער שטאָף פֿון דער אָרטיקער מאַכט איז פֿאַראַן דרײַ שורעס, בוכשטעבלעך [1].

סאַבוראָוו שרײַבט וועגן וויטעבסק:

„אין דער דאָזיקער שטאָט האָט דער האַמוין איבער דעם זעלבן מאָטיוו פֿון ברויט־יאַקרעס אָנגעהויבן צו פֿאַרהאַלטן די פֿורן מיט קאָרן, וואָס מע האָט געפֿירט צו דער סטאַנציע. דערנאָך איז דער האַמוין געקומען אױף דער אײַזנבאַן־ליניע און אָרדענונגלאָז פֿאַנאַנדערגעלאָדן העכער הונדערט וואַגאָנטווּע, צעראַסנדיק די זעק און אויסשיטנדיק די קערנער אױף דעם וועג. דרײַ ראָטעס פֿון זאַקאַטאַלער אינפֿאַנטעריע־פּאָלק, וועלכע מע האָט אַרויסגערופֿן צוהילף דער פּאָליציי, האָבן באַוויזן עטוואָס אָפּצושטויסן דעם זיך קעגנשטעלנדיקן האַמוין, אָבער באַלד נאָך דעם האָבן זיך אויסגעבילדעט נײַע גרופּעס בױאַנעס, וועלכע האָבן, ווי עס האָט זיך נאָכדעם אַרויסגעשטעלט, אָנגעהויבן באַם אָנטייל פֿון ייִדן צו גראָמירן דרײַ ייִדישע הײַזער, וואָס האָבן זיך געפֿונען אױף די גאַסן, וועלכע ליגן באַם באַן, דערבײַ האָבן מער פֿאַר אַלעמען געליטן די הײַזער פֿון דעם רײַכן טוווּע־סויכער—דעם ייִדן הערשמאַן, באַ וועמען דער גרעסטער טייל פֿאַרמעגן איז געווען צעריבט און דאָס איבעריקע רויִנירט אָדער צעשעדיקט און אַרויסגעוואָרפֿן אױפֿן גאַס. דערוויסנדיק זיך וועגן דעם, האָט די פּאָליציי און אַ טייל מיליטער זיך געלאָזט צו הערשמאַנס הויז; זיי זײַנען אָבער געוואָרן אינגאַנצן אָפּגעשטויסן און צונויפֿגעקוועטשט דורך דעם פֿילצאָליקן האַמוין, וואָס איז געווען באַוואָפֿנט מיט שטעקנס און שטיינער. אין דער דאָזיקער צײַט האָבן עטלעכע נידעריקע ראַנגען [סאָלדאַטן

[1] עס קען געוויס זײַן, אַז דער וויכטיקסטער מאַטעריאַל וועגן אָט־די פּונקטן איז געווען אויסגעטײלט אין אַ באַזונדער געהיימען „איניען“. דאָס פֿאָדערט אַ ספּעציעלע אויספֿאָרש.

באקומענ שעדיקונגענ אונ וווּנדנ. די אומאָרדענונגענ האָבנ זיכ אויסגעלאָזט אונ דער האמויג האָט זיכ צעזייט בלויז דאנ, ווענ דאָס מיליטער האָט אויסגעשאָסנ 6—5 מאָל באזונדער מיט שלאכט־פּאטראָנעס אונ אפנ אָרט האָט זיכ ארויסגעוויזנ דריַ דערהארגעטע אונ איינ שווער פארווונדעטער, וועלכער איז שפּעטער געשטאָרבנ" (בל. 66).

פונ דער העברייִשער צייַטונג „האצפירה" דערוויסנ מיר זיכ וועגנ דעם פּאָרשפּיל צו וויטעבסקער בלוטיקער דראמע. די ייִדישע גווירים אינ שטאָט האָבנ זיכ פארפליכטעט יעדער איינציקער ארייַנצוטראָגנ א באשטימטע שטיצע אפ אונטערצוהאלטנ די הונגעריקע „ברידער" אונ אפילע אָנגענומענ א באשלוס צו עפענענ א וואָלוועלע מעל־קראָם. זיי האָבנ אָבער ניט אויסגעפילט גאָרניט פונ אלע זייערע צוזאָגעכצנ. ס'איז קלאָר, אז די ייִדישע אָרעמשאפט האָט געזאָלט זייַנ באזונדערס אופגעבראכט אונ נעמענ דעמ גאָר אקטיוונ אָנטייל אינ די געשעענישנ.

מע דארפ נעמענ אינ אכט נאָכ א זאכ. וויטעבסקער ייִדישע אונ ניט־ייִדישע האָרעפּאשניקעס האָבנ שוינ געהאט אונטער זייערע פלייצעס די דערפארונג פונ א געמיינזאמער ארויסטרעטונג קעגנ די גווירים, פּאָליציי אונ מיליטער פונ גאָר ניט לאנג—ערשט מיט זעקס יאָר פריער. די שטאָט־דומע האָט אייַנגעפירט אינ 1885 י. אנ אָפּצאָל אפ פארשיידענע פּראָדוקטנ, וואָס ווערנ פארקויפט אפנ מארק. דאנ איז דער שטאָטישער פּלעבס—ייִדנ אונ ניט־ייִדנ—אָנגעפאלנ אפ די אופמאָנער פונ דעם שטייַער אונ זיי געשלאָגנ, געוואָרפנ שטיינער אפ דער פּאָליציי אונ אפ דעם גובערנאטאָר, וואָס זייַנענ געקומענ אפ די מערק „אופצושטעלנ די אָרדענונג", צעגראָמירט דאָס הויז פונ דעם סויכער, וועלכנ די שטאָט־דומע האָט פארדונגענ דאָס אופמאָנענ דעם אָפּצאָל, באלאגערט די שטאָט־דומע. עס איז דאנ אויכ ארויסגערופנ געוואָרנ מיליטער.

כוּצ וויטעבסק מיט א „ייִדישנ", אזוי צו זאָגנ, אָנהייב פונ די געשעענישנ (אסיפע פונ די גווירים, פארפליכטונג צו שטיצנ די ייִדישע אָרעמשאפט א. א. וו.), איז צווישנ די פונקטנ, ווו די ארויסטרעטונגענ האָבנ אָנגענומענ א מער וויניק ערנסטנ כאראקטער, געווענ נאָכ איינ אָרט מיט א „ייִדישנ" אָנהייב—דאָס שטעטל זעלווע (גראָדנ. גוב.). דאָ זייַנענ די גווירים אויכ געבליבנ בא די צוזאָגעכצנ. די הונגעריקע אָרעמשאפט, באוואָפנט מיט קאלט געווער, האָט ניט געלאָזט פירנ צום באנ דאָס ברויט פונ די גרעסטע טווּע־הענדלער פונ דעם שטעטל. באלד זייַנענ געווינטלעכ אָנגעקומענ די פּאָרשטייער פונ דער שטעטלשער מאכט.

„דאנ האָבנ די ייִדנ געשטעלט א ווידערשטאנד דעם וואָלאָסט־סטארשינא אונ דער פּאָליציי, וועלכער האָט זיכ אויסגעדריקט אינ דעם, וואָס זיי האָבנ אָנגעהויבנ צו ווארפנ אינ די לעצטע שטיינער אונ האָבנ געגעבנ עטלעכע קלעפּ דעם אוריאדניק", (בל. 22).

דערנאָכ האָט מענ אויסגעהאקט די פענצטער בא די ברויט־ספּעקוליאנטנ, אופגעבראָכנ די שלעסער פונ די שפּייַכלערס אונ ארויסגעוואָרפנ די טווּע אפנ גאס.

זעלווע אונ טיילוויַז וויטעבסק זייַנענ אויסנאמענ. אינ דעם וויַיט גרעסטנ טייל ערטער, ווו ס'האָבנ זיכ פאנאנדערגעוויקלט מער וויניק אָנגעזעענע ארויסטרעטונ־

גען, גייט די ייִדישע אָרעמשאַפֿט שוין פֿון סאַמע אָנהייב אָן פֿון די געשעענישן איינינעם מיט דער ניט־ייִדישער.

אָט דידאָזיקע סאָלידאַרישקייט צווישן דער ייִדישער און ניט־ייִדישער מאַסע, דער אָנטייל זייערער אין איין באַוועגונג, האָט אויסגעזען אַזוי ווייט אויסטערליש אין די ראַיאָנען פֿון טכום מיט זייער דורעסדיקער אָפּגעזונדערטקייט פֿון די דאָזיקע ביידע טיילן באַפֿעלקערונג איינע פֿון דער אַנדערער, אַן אָפּגעזונדערטקייט, וועלכע עס האָבן מיט אַזאַ פֿלייס קולטיווירט אין משך פֿון יאָרהונדערטער די הערשנדיקע קלאַסן—די ייִדישע און ניט־ייִדישע פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, די קירכע, די סינאַגאָגע, די מלוכע, אַז די מערהייט קוואַלן, די אָפֿיציעלע און ניט אָפֿיציעלע, גייען ניט פֿאַרבײַ דעם דאָזיקן פֿאַקט.

דאָס אויסלעבן די דורעסלאַנגע איזאָלירטקייט גייט באַנאַנד מיטן אָפּזאָגן זיך פֿון די אַלטע, סקאַרבאָווע פּראָטעסט־מעטאָדן.

די הערשנדיקע שיכטן בײַ ייִדן, וואָס זײַנען אַזוי רײַך מיט דער דערפֿאַרונג פֿון הונדערטער יאָרן אונטערדריקן די מאַסן, האָבן באַוויזן אַפֿילע דעם פּראָטעסט פֿון די דאָזיקע מאַסן אײַנצושליסן אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס אין זייער אונטערדריקערישער סיסטעם. אַ שטעמפּל פֿון קאָהאָלש־ראַבאָנישער לעגאַלקייט, אַ קלאָלע־שטעמפּל ליגט אויפֿן דאָזיקן „נאַציאָנאַלן“ פּראָטעסט.

ניט לאָזן „אויסנעמען“ (פֿירלייענען די טוירע) שאַבעס אין שול, ביז קאָהאָל זאָגט ניט צו צו באַטראַכטן דעם קאַזוס, וואָס האָט געבראַכט צו „איקעוו האַקריִע“ (פֿאַרהאַלטן דאָס לייענען), אַפּעלירן צום געפֿיל פֿון נאַציאָנאַלער אַכדעס—ווי שיקט זיך עס, אַז די גוירים זאָלן ניט זען באַזאָרגן „די אָרעמע ברידער“, וואָס קומען אום פֿון הונגער, ניט „בונטעווען זיך“ מאַסנווײַז, נאָר זיך ווענדן צום פּאַרנעס־כוידעש (עלטסטן פֿון קאָהאָל) איינער אַליין, שטילינקערהייט (באַשלוס פֿון דעם הויפּט־אָרגאַן פֿון די ייִדישע קעהילעס אין דער ליטע, פֿון דעם „וואַאַד“, אין 1623 יאָר),—די דאָזיקע אַלע לעגאַליזירטע פֿאָרמען פֿון פּראָטעסט האָבן נאָך מער פֿאַרשטאַרקט די מאַכט פֿון די קאָהאָלשע פּיאַווקעס, זײַנען געווען אַ מין סאַנקציע פֿון זייער רעכט צו באַלעבאַטעווען, צו הערשן „מיט דער הויכער האַנט“ אין דעם אָפּגעשלאָסענעם ייִדישן געטאָ.

אַזוי איז געווען פֿון אייביק אָן!

עמעס, אין יענע מאָמענטן, ווען עס פֿלעגט זיך באַזונדערס שאַרף פֿאַרערגערן די לאַגע פֿון די ייִדישע מאַסן (אַשטייגער, אין די לעצטע יאָרצענדליקער פֿון דער עקזיסטענץ פֿון זעלבסטשטענדיקן פּוילן), פֿלעגן זיי ברעכן אָט־אָ די „נאַציאָנאַלע“, לעגאַלע פֿאָרמעס פֿון פּראָטעסט, אָבער סאָף XIX י. ה. האָט שוין געהאַלטן, וואַרשײַנלעך, בײַם פֿולשטענדיקן אײַנרײַסן מיט די דאָזיקע פֿאָרמעס. שוין אין די 80־ער יאָרן פֿאַרצייכנט די ייִדישע פּרעסע אַ רײַ, האַגאַם קליינע, דאָך אָבער סימפּטאָמאַטישע פּאַסירונגען, ווו עס טרעט אַרויס גאַנץ בולעט די דאָזיקע טענדענץ. אין 1891 האַלט שוין די זאַך נאָך ווײַטער. בלויז אין אַ קליינער צאָל פּונקטן הייבט די ייִדישע אָרעמשאַפֿט אָן מיט דער טראַדיציאָנעלער ווענדונג צו די גווירים נאָך הילף, אָבער זי זאָגט זיך גיך אָפּ פֿון אָט־אָ דעם גאַנג, זי געפֿינט שנעל צווישן דער ניט־ייִדישער אָרעמשאַפֿט אירע עמעסע פֿאַרבינדעטע, אירע ברידער אין נויט און פּײַן,

וואָס יאָרהונדערטער קלאסנ־סיידער האָט זיי קינסטלעכ אָפגעשניטנ איינע פונ די־ אנדערע, אונ איינייגעמ מיט זיי נעמט זי אונטער אקטיווע שריט קעגנ אירע נעכ־ טיקע באלעטויווס.

אונ דאָ ליגט, כוצ אלעמ איבעריקנ, דער באזונדערער אינטערעס, דער באזונדערער ווערט פונ די ארויסטרעטונגענ פונ 1891 י.

## 3. די אָפיציעלע באלויכטונג פונ די געשעענישנ

עס זײַנענ ניט אָפּגעלאָפּנ אפילע קיינ פולע 50 יאָר נאָכ דער פאָלקס־באוועגונג פונ 1891 אונ דאָכ האָבנ מיר ביז אצינד קיינ אנונג ניט געהאט וועגנ דעמ אלע־ מענ, וואָס עס האָט פאר אונדז אופגעדעקט דער ארכיוו־„איניענ". די סיבע איז, וואָס פונ סאמע אָנהייב אָנ האָבנ סײַ די אָפיציעלע אונ סײַ די אומאָפיציעלע אײַנריכ־ טונגענ (צײַטונגענ) געזוכט אָדער צו פארשווײַגנ די „אומרוענ", אָדער זיי צו פאלסי־ פיצירנ. עס לוינט זיכ אָפּשטעלנ אביסל אפ דער באלויכטונג פונ די געשעענישנ, וואָס עס האָבנ געגעבנ די צארישע ביוראָקראטנ, פונ איינ זײַט, די בורזשואזע פרעסע, פונ דער אנדערער: דער שטאָפ איז ביז גאָר באלערעוודיק. דורכאנאליזירנדיק דעמ דאָזיקנ מאטעריאל, קריגט מענ, אויב ניט קיינ אויסשעפנדיקנ, איז דאָכ א גענוגנ־ דיקנ, ענטפער אפ דערופ, פארוואָס מיר ווייסנ אזוי ווייניק וועגנ די ארויסטרעטונ־ גענ פונ די יידישע פאָלקס־מאסנ. עס איז א פאקט, אז א באוועגונג, וואָס איז פאָר־ געקומענ אָנהייב 90־ער יאָרנ פונ XIX יאָרהונדערט, ווענ ס'איז שוינ געווענ א גרויסע אלגעמיינע אונ יידישע פרעסע, א באוועגונג, וואָס האָט ארומגעכאפט צענ־ דליקער יישווימ מיט א געדיכטער יידישער באפעלקערונג, איז געבליבנ אונדז אומבאקאנט. געשענ איז עס דערפאר, וואָס די קוואלנ, פונוואנענ עס שעפט דער היסטאָריקער, זײַנענ פונ סאמע אָנהייב אָנ געווענ אָפּגעסאמט. פארוואָס זאָלנ מיר האלטנ, אז בלויז די פאָלקס־באוועגונג פונ 1891 יאָר האָט געהאט אזא מאזל? מע קענ געוויס רעכענענ, אז ווענ מיר זאָלנ זיכ נעמענ ווי געהעריק פאר דעמ שטודיומ פונ די באוועגונגענ פונ דעמ יידישנ פלעבס, וואָלטנ מיר אנטדעקט ניט ווייניק נײַס. מיר גייענ אריבער צו באטראכטנ די אָפיציעלע באלײַכטונג פונ די געשעענישנ.

דעמ צארישנ אדמיניסטראטאָר איז אויסגעקומענ זייער ביטער. דער סקארבאָווע פאָליציייש־ביוראָקראטישער נוסעכ האָט דערקלערט איינמאָל פאר אלעמאָל, אז אלע יידנ פאראזיטירנ אפ דער קריסטלעכער באפעלקערונג, אז דער יידישער „קאגאל" איז א געהיימע אָרגאניזאציע פונ פארשווערער, וואָס דער ציל זייערער איז אפנ געמיינסטנ אויפנ צו עקספלואטירנ די קריסטנ, אונ צוליב דעמ דאָזיקנ צוועק זײַנענ זיי שטארק סאָלידאריש אונ ענג פארבונדנ צווישנ זיכ. מיט אָט דער לעגענדע האָבנ די צארישע אגענטנ אונ דער קלויסטער זיכ באמיט די גאנצע צײַט אײַנצו־ וויגנ דאָס פויערטומ אונ שטאָטישנ בירגערטומ.

וואָס זשע קומט דאָ פאָר? אינ עטלעכע צענדליקער פונקטנ פונ געוועזענעמ טכומ, אינ 4 גובערניעס מיט א געדיכטער יידישער באפעלקערונג, טרעט ארויס איינ טייל פונ די יידנ, וואָס זײַנענ צווישנ זיכ, קלוימערשט, העכסט סאָלידאריש, קעגנ דעמ

צווייטנ, דערבײַ קלאל ניט דערפאר, וואָס מע האָט זיכ ניט געקענט אײַנטיילנ מיטנ ריסטלעכנ רויב.

דאָס איז אָבער ווייניק. אינ די צוזאמענשטויסנ, וואָס וויקלענ זיכ פאנאנדער אינ דער ייִדישער סוויווע, מישט זיכ אקטיוו ארײַנ די ניט־ייִדישע פאָלקס־מאסע. זי שטעלט זיכ אפ א גאנצ באשטימטער זײַט—אפנ צאד פונ די אונטערדריקטע—אונ טרעט ארויס אינײנעם מיט זיי קעגנ די אונטערדריקער, די ספעקוליאנטנ—די געמײנזאמע פאראזיטנ פונ דער ייִדישער אונ ניט־ייִדישער אָרעמשאפט. אפ אזוי ווײַט גלויבט מענ שוינ ניט די ביוראָקראטיש־גאלאָכישע מײַסעס.

נאָכ מער: די אופרודערונג צװישנ דער ייִדישער באפעלקערונג קומט פאָר אפנ פאָנ פונ א ברייטערער באוועגונג פונ די האָרעפאשנע מאסנ אינ א הונגער־יאָר, א באוועגונג, וואָס איז געווענדעט קעגנ די ברויט־ספעקוליאנטנ, דער פאָליציי אונ מיליטער, וואָס קומענ זיי צו הילפ. די אקציעס פונ דעמ ייִדישנ פראָסטנ פאָלק פלעכטנ זיכ אונ מישנ זיכ איבער מיט דער דאָזיקער באוועגונג, אלס אירער א באשטאנד־טייל. די ייִדישע אָרעמשאפט טרעט ארויס קעגנ די ייִדישע ספעקוליאנטנ ניט אלס קעגנ „גלויבנס־ברידער“, וואָס פילנ ניט אויס זייער רעליגיעזנ כויוו—צו שטיצנ דעמ אָרעמענ מיטגלויבער, נאָר אלס קעגנ ספעקוליאנטנ אונ אונטערדריקער. די אלטע פאָליטיק פונ „צעטייל אונ הערש“, פונ אָנרייצנ איינ נאציאָנאליטעט אפ דער צווייטער, האלט בא באנקראָטירנ.

צי קענ געמאָלט זײַנ, אז א דורכשניטלעכער צארישער ביוראָקראט זאָל געווענ פארמאָגנ אזויפיל פאָליטישנ פארשטאנד אונ דערצו אזויפיל בירגער־מוט, ער זאָל באזײַיקנ אָט־די אלע דערשײַנונגענ אונ נאָכ ארויסברענגענ עס אפ פאפיר פאר דער העכסטער נאטשאלסטווע? קעדיי צו האלטנ דערבײַ האָט מענ געדארפט שטײנ מיט עטלעכע קעפ העכער פארנ געוויינטלעכנ ניוואָ פונ אָט דעמ סאָרט מענטשנ. סאבוראָווונ קענ מענ אינ דערינענ, כאָלילע, ניט כוישעד זײַנ. וואָס־זשע טוט ער? ער פאלסיפיצירט פּאָשעט די פאקטנ, ער שפארט זיי ארײַנ אינ דעמ קאזיאָנעמ טראפארעט: נאָכ דעמ ווי ס'איז ארויס דער צארישער באפעל, האָבנ „ייִדנ“ (די אלט־באקאנטע אלגעמײנע קאטעגאָריע—„ייִדנ“) פיבערהאפט גענומענ אופצוקויפנ די טווּע אונ יאָגנ זי קײנ אויסלאנד. דער מעקעכ אפ טווּע איז מיטאמאָל געוואָרנ שטארק ארופגעשמיסנ. צווישנ פאָלק האָט זיכ אָנגעהויבנ אנ אופרודערונג. דאָס פאָלק (פונ דעמ דאָזיקנ באגריפ זײַנענ ייִדנ, פארשטייט זיכ, אויסגעשלאָסנ) האָט אויסגעטײַטשט די געשעענישנ אזוי:

„דער קייסער זאָרגט פאר זײַנ פאָלק אונ ער האָט געהייסנ צו פארבאָטנ ארויספירנ די טווּע קײנ אויסלאנד. אָבער ייִדנ, וואָס זײַנענ פונ אייביק אָנ בעריעס אפ ארומצוגײנ דעמ געזעצ, פילנ ניט אויס דעמ קייסערס ווילנ... די דערלויבעניש ארויסצופירנ קאָרנ ביזנ 15־טנ אווגוסט האָט מענ באגעגנט מיט אומצופרידנקייט אונ מע האָט זי אויסגעטײַטש אלס אנ האנאָכע, וואָס די אָרטיקע מאכט גיט די ייִדנ קעגנ דעמ אלערהעכסטנ ווילנ. בא אזא קוק איז אינ דעמ פאָלק גרינג אופגעקומענ דער געדאנק וועגנ דער געזעצלעכקײַט פונ קעגנשטעלנ זיכ קעגנ די ייִדנ באמ ארויספיר פונ ברויט“ (בל. 62).

קורץ גערעדט—די אַרויסטרעטונגען זײַנען אַקטן פון דער „פאָלקס־נעקאָמע" אין די ייִדן—די „בלוטזויגער", ס'איז נאָך איין איבעריק מאָל אַ באַשטעטיקונג פון דער אָפיציעלער ווערסיע וועגן דער סיבה פון די ייִדן־פּאָגראָמען.

ווײַבאַלד דער פאָלקס־צאָרן איז אויסגעגאָסן אַף אַלע ייִדן, קען דאָך קיין רייד ניט זײַן, אַז ייִדן זאָלן גענומען אָנטייל אין דער פאָלקס־באַוועגונג. פאַרשווײַגט טאַקע סאַבוראָוו דעם גאַנצן פאַקט! ניט געקוקט דערויף, וואָס דער „איניען" איז איבערגעפולט מיט מאַטעריאַל וועגן דער אַקטיווסטער ראָליע פון די ייִדישע מאַסן אין די „אומאָרדענונגען", אַזוי־אַרום זײַנען ייִדן ניט קיין סוביעקטן, נאָר אָביעקטן פון די געשעענישן—זייער טוועע פאַרהאַלט מען, זיי שלאָגט מען, זייערע הײַזער גראַמירט מען. שלעכט איז נאָר מיט מײַסע־וויטעבסק—זי פּאַטערט אַוועק די גאַנצע פאָליציייִשע ווערסיע: צעשאָסן האָט מען די אָנטיילנעמער אין דעם אָנפאַל אַף די הײַזער פון די ברויט־ספּעקוליאַנטן, גראָמירט האָט מען בלויז דרײַ הײַזער פון טווע־ספּעקוליאַנטן, ניט קיין ייִדישע הײַזער ביכלאַל (אַזוי וואָלט דאָך געדאַרפט צוגיין לויט דער טעאָריע פון פאָלקס־נעקאָמע). דאָ מאַכט אונדזער מעלוכע־מאַן אַזאַ דריידל:

„די צעגראָמירונג פון די ייִדישע הײַזער האָט ניט געהאַט קיין ענגע פאַרבינדונג מיט דער אַלגעמיינער באַוועגונג... „מיט גרויס וואַרשײַנלעכקײַט קאָן מען זיך מעשאער זײַן (מײַן אונטערשטרײַכונג—אָ. מ.), אַז... קאָהאָלשע כעזשבוינעס האָבן געשטויסן די ייִדן זיך צו באַנוצן מיט דער באַוועגונג פון דער פאָלקס־מאַסע און אַרופירן [זי] צו גראָמירן די הײַזער פון די ניטפאָלגער פון קאַגאַל [קאָהאָל] (דער ברויט־ספּעקוליאַנט איז, לויט סאַבוראָווס באַהויפּטונג, געגאַנגען קעגן קאָהאָל—אָ, מ.) דעם ווילדעוונדיקן האַמוין, וועלכער איז גרייט געווען בײַ יעדן פּסיקן פאַל זיך צו ווענדן צו אַ ייִדן־פּאָגראָם".

דעם פאָרשטייער פון פאָליציי-דעפּאַרטאַמענט איז די דאָזיקע ווערסיע געווען נייטיק צוליב נאָך איין זאַך: אין לאַנד, אין די צענטראַלע גובערניעס, איז אַ שווערער הונגער. פלוצים באַקומט די רעגירונג ידיעס וועגן אַ גאַנצער כוואַליע „אומאָרדענונגען" אַפן באָדן פון ברויט־מאַנגל אין צענדליקער פונקטן, אין עטלעכע גובערניעס אַף דער גרענעץ, אָדער נאָענט צו דער גרענעץ, מיט מײַרעוו־איראָפּע, דאַפקע אין אַזעלכע קאַנטן, וווּ די געזעטעניש איז אין אַלגעמיין געווען נישקאָשע. וואָס זאָל עס הייסן? אַן ערנסטע, צוגעגרייטע פאָלקס־באַוועגונג? מיט די פאָלקיסטן האָט דער צאַריזם שוין לאַנג זיך צערעכנט, די אַרבעטער־באַוועגונג האָט דאַן געמאַכט אירע ערשטע שריט. דער פאָליציי־דעפּאַרטאַמענט האָט געהאַלטן, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג. פלוצים ברעכן אויס אַזעלכע געשעענישן! דער דעפּאַרטאַמענט קאָמאַנדירט אַן אָנגעזעענעם באַאַמטן אַף אויסצופאָרשן די זאַך. און דער אויספאָרשער קומט צום אויספיר, אַז

„קיין פאָליטישע אופהעצערײַ און קיין אָנפירונג איז אין דער פאָלקס־באַוועגונג ניט געווען... דער פאָלקס-מאַסע, וועלכע האָט גענומען אָנטייל אין די אומאָרדענונגען, איז אַבסאָליוט פרעמד געווען דער געדאַנק צו אַרויסווײַזן

א ווידערשטאנד קעגן די פאראָרדענונגען פון דער רעגירונג" (סאבוראָווס מעמאָראנדום, „איניגע", בל. 69—68).

עס איז געווען „פּאָשעט" אַן אַרויסטרעטונג פון דעם פאָלק קעגן די יידן—די עקספלואטאטאָרס, ד. ה. יענער מין אנטפלעקונג פון קלוימערשטן „פאָלקס־צאָרן", וואָס איז געווען לעגאליזירט, געווען סאנקציאָנירט פון דעם צאריזם.

## 4. די פּעריאָדישע פרעסע וועגן די געשעענישן

די גרעסטע צוויי צייטונגען אין לאנד זיינען דאן, אין 1891 י., געווען די ליבעראלע „נאָוואָסטי" און די רעאקציאָנערע „נאָוואָיע ווראעמיא".

די „נאָוואָסטי", וועלכע האָט געהאט א גרויסע נעץ פון „אייגענע קאָרעספּאָנדענטן" איבערן גאנצן לאנד, א צייטונג מיט א ברייטער אינפאָרמאציע ביכלאל, א צייטונג, וואָס האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איינעם מער ווייניק אָנגעזעענעם באל באם פּעטערבורגער באָמאָנד, האָט פון דער גאנצער זאך געמאכט א שווייג, אן אבסאָליוטן שווייג, גלייך ווי ס'איז גאָרניט געשעען.

דאָס גרעסטע, וואָס די ליבעראלע פּרעסע האָט געגעבן, איז געווען צוויי קאָרעספּאָנדענצן—פון אָריאָל און שאווען—אין דער באוווסטער ליבעראלער צייטונג "רוסקייע וועדאָמאָסטי" (נום. 219). די קאָרעספּאָנדענץ פון אָריאָל טיילט מיט וועגן

„א אופרודערונג, וואָס האָט ארומגעכאפּט דינאבורג־וויטעבסקער און די סטאנציע „וויטעבסק" פון אָריאָל־וויטעבסקער אייזנבאן־ליניע. אָנגעהויבן האָט זיך פון סטאנציע דינאבורג, דערנאָך אין דריסע, פּאָלאָצק און ענדלעך אין וויטעבסק".

די אופרודערונג איז באשטאנען אין דערינען, וואָס פרויען מיט קינדער האָבן פאנאנדערגעלאָדן וואגאָנעס מיט טווּע,

„מאָטיווירנדיק זייערע אקציעס מיט דעם פארבאָט ארויסצופירן קיין אויסלאנד טווּע, וואָס איז אין דער שטאָט וויטעבסק געשטיגן ביז 1 ר. 80 קאָפּ. א פוד".

דאָס איז גאָר וועגן פּאָלאָצק און וויטעבסק. וואָס איז שייך דער קאָרעספּאָנדענץ פון שאווען, איז קעדיי אָנצוווייזן, וועגן וואָס זי דערציילט ניט. זי דערציילט ניט—וועגן דעם ארעסט פון דעם „הויפּט־אופרודערער", וועגן אן אוילעם פון 300 מאן, וואָס זיינען אָנגעפאלן אפּן פּאָליציי־ציירקל אָפּ צו באפרייען דעם ארעסטירטן, וועגן פאלן פון לייגן זיך אָפּ די רעלסן, קעדיי ניט צו דערלאָזן אוועקפירן די טווּע, וועגן אָנקומען פון דער פּאָליציי און גרענעץ־וואך, וועגן דעם, אז ס'איז געווען ארויסגערופן מיליטער. דאָס אלץ און א ריי כאראקטעריסטישע דעטאלן דערווייסן מיר זיך, ווי מאָדנע דאָס זעט ניט אויס, פון א קאָרעספּאָנדענץ אין דעם אָפיציאָז „ווילענסקי וועסטניק". עמעס, די צייטונג טראָגט דאָס אלץ אונטער אין א פּאָליצייישער אינטערפּרעטאציע—אָפּ צו באווייזן, ווי די פּאָרשטייער פון דער מאכט האָבן סאָפּקאָלסאָפּ ליקווידירט די

„ערנסטע אומרוען אין איניקע שטעט און שטעטלעך פון צאָפּן־מייַרעוו־קאנט".

אָבער דאָך באַקומען מיר א גענוג קלאָרע פאָרשטעלונג וועגן דעם גאַנצן גרויסן מאַסשטאַב פון די „אומרוען״ אין שאַוועל.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס, וואָס ס'האָט געמעגט א „ווילענסקי וועסטניק״, האָט זיך ניט געקענט פאַרגינען די „רוס. וועד.״. דאָך קען מען באַהױפּטן, אַז די צײַטונג וואָלט געהאַט די מעגלעכקײַט צו זאָגן אַפילע אין די ראַמען פון צענזור־לעגאַלקײַט פיל מערער, איידער זי האָט עס געטאָן. דאָס איז צו זען, לעמאָשל, פון דער וואָכנטלעכער צײַטונג „ניעדעיליא״ (זע די קאָרעספּאָנדענץ פון ווילקאָם. אױיעזד אין נום. 35).

עס ליגט זיך אפן סייכל, אַז די ליבעראַלע פרעסע האָט פאַרשוויגן די געשעענישן טײלווײַז דערפאַר, וואָס זי האָט מוירע געהאַט צו צערייצן די „נאָוואָיע ווערעמיא״שע און אַנדערע רעאַקציאָנערע געגנדז מיט שטאָף, ווי אַלס קאָרבאָנעס פון פאָלקס־צאָרן פיגורירן ייִדישע ספּעקוליאַנטן (שטשעדרין האָט געשריבן, אַז איינער פון די פּרינציפּן פון דער רוסישער ליבעראַלער פרעסע איז: „שא, שטיל, נאָר ניט רייצן!״). אַנטקעגנשטעלן אַנטקעגן דעם דאָזיקן פאַקט אַן אַנדער גרויסאַרטיקן פאַקט—דעם בונד צווישן דער ייִדישער און ניט־ייִדישער אָרעמשאַפט, וואָס טרעט אַרויס אַזוי בולעט אין די געשעענישן פון 1891 י.—דאָס, ווידער, האָט שוין ניט דערלאָזט די בורזשואַזע קלאַסן־נאַטור פון אונדזערע ליבעראַלן...

די „נאָוואָיע ווערעמיא״, אָט די האַלב קאַזיאָנע, פינצטערע צײַטונג מיט דער גאָר גרויסער אינפאָרמאַציע פון אייגענע און גאַנצ־ און האַלב־מעלוכישן קוועלן, האָט זיך באַנוגנט מיט איבערדרוקן פון „רוסקיִע וועדאָמאָסטי״ די קאָרעספּאָנדענץ פון שאַוועל און מיטן צוגאָב, אַז

„ווי עס טיילט מיט די „רוסק. וועדאָמ.״ ... זײַנען אומרוען אַף דעם באָדן פון טווע־ספּעקוליאַציע, שטאַרקן עקספּאָרט קיין אױסלאַנד, יאַקרעס פאָרגע־קומען איבער דער דינאַבורג־וויטעבסקער און אָריאָל־וויטעבסקער ליניע״.

און דאָס איז אַלץ. ס'האָט ניט געלוינט דער „נאָוואָיע ווערעמיא״ צו דערציילן דעם עמעס, פונקט ווי ניט געלוינט האָט עס דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט.

די ייִדישע פרעסע יענע צײַט איז באַשטאַנען פון צוויי טעגלעכע צײַטונגען אין העברייִש—„האַמײליץ״ און „האַצפירע״ און איין וואָכנטלעכער אין רוסיש—„ניע־דיעלנאַיא כראָניקא וואָסכאָדאַ״ (בײַלאַגע צו דעם כוידעש־זשורנאַל „וואָסכאָד״). פונקט אין מאַרט 1891 האָט די צענזור אָפּגעשטעלט די רוסישע צײַטונג אַף זעקס כאַדאָשים. ס'איז קלאָר, אַז אין דעם נומער, וואָס איז אַרויס נאָך דעם האַלבן יאָר, שוין אין סענטיאַבער, ווי עס ווערט געגעבן אַן איבערזיכט פון די וויכטיקסטע געשעענישן פאַר די זעקס כאַדאָשים, איז וועגן דער באַוועגונג קיין וואָרט ניטאָ.

פון די צוויי העברייִשע בירגערלעך־נאַציאָנאַליסטישע צײַטונגען האָט די „האַצפירע״, וועלכע האָט געהאַלטן פאַר נייטיק בריית צו אינפאָרמירן אירע לייענער וועגן דער אױסערלעכער „פּאָליטיקע״, אַרויסגעוויזן גאָר א קנאַפּן אינטערעס צו אינערלעכע ייִדישע אָנגעלעגנהייטן פון א געוויסן מין—צו די אַרויסטרעטונגען פון דער ייִדישער אָרעמשאַפט. די צײַטונג האָט זיך באַנוגנט מיט איבערדרוקן די

קאָרעספּאָנדענץ פון „ווילענסקי וועסטניק“—און פּאָטער! יויצע געווען איינמאָל קעגן די לייענער, צווייטנס—קעגן דער צענזור.

וואָס איז שייך „האמיליץ“, האָט זי, אלס מער פארשפרייטע צייטונג, ניט געקאָנט זיך באנוגענען בלויז מיט איבערדרוקן אן ארטיקל פון א רוסישן אָפיציאָז וועגן אזעלכע געשעענישן, וואָס האָבן ארומגעכאפּט א ריי ייִדישע שטעט און שטעטלעך. די צייטונג גיט אין עטלעכע נומערן קאָרעספּאָנדענצן פון א ריי פונקטן. די באלויכטונג איז אָדער אן אָפענע ייִדיש־באלעבאטיש־רעאקציאָנערע אָדער קלוימערשט אן אָביעקטיווע. דאָך אלס אָרטיקער שטאָף ברענגען די קאָרעספּאָנדענצן א ריי כאראקטעריסטישע דעטאלן. אגעוו, באווייזן אויך די קאָרעספּאָנדענצן אין „האמיליץ“, אז נאָך דעם צענזור-טעראָר האָט מען דאָך געקענט געבן פונדעסטוועגן מערער, איידער עס האָט עס געטאָן די ליבעראלע פּרעסע.

פארשטייט זיך, אז די וויכטיקסטע געשעענישן—אין פּאָלאָצק, ווילייקע, בעזדאנזיינען אין „האמיליץ“ געבליבן ניט באלויכטן, ווי איבערהויפּט, אין דער גאנצער רוסישער און ייִדישער פּרעסע. וועגן וויטעבסק איז אין „האמיליץ“ יאָ געווען א קאָרעספּאָנדענץ—די איינציקע אין דער גאנצער פּרעסע. דער אויסנאם איז אָבער גאנץ כאראקטעריסטיש.

דער „האמיליץ“ טיילט מיט, אז וויטעבסקער ייִדישע גווירים האָבן זיך פארפליכטעט יעדער צו געבן א געוויסע סומע לטובֿת דער הונגערנדיקער ייִדישער אָרעמשאפט און צו עפענען א ביליקע מעל־קראָם. זיי האָבן אָבער דאָס וואָרט ניט געהאלטן.

„און ווען אונדזערע רייכע לייט האָבן הארט געמאכט זייער הארץ קעגן זייערע אָרעמע ברידער, האָבן זיך אופגעקליבן די ווייבער פון די מעשטשאנעס די ניט־ייִדן מיט זייערע קינדער און האָבן כאָרעוו געמאכט דריי הייזער פון די גרויסע מעל־סאָכרים בא אונדז אין שטאָט. און בא איינעם אין הויז דערגרייכט דער שאָדן צו א גרויסער סומע, איניקע זאָגן—ביז דרייסיק טויזנטער. און דער האמוין פון אונדזער פאָלק איז געשטאנען פונדערווייטנס און געלאכט אפן בראָך פון די גווירים, וואָס שיקן זייער טוווע אויסער דער גרענעץ“ („האמיליץ“ נום 184).

די קאָרעספּאָנדענץ קלינגט זייער אומגעלומפּערט: ווען „אונדזערע רייכע לייט האָבן הארט געמאכט זייערע הערצער קעגן זייערע אָרעמע ברידער“, האָבן זיך מיט זיי צערעכנט... די ניט-ייִדישע מעשטשאנקעס, און „דער האמוין פון אונדזער פאָלק“ איז בלויז „געשטאנען פונדערווייטנס און געלאכט“. דערמאָנט זיך אָבער אין סאַבוראָווס טראקטירונג פון די וויטעבסקער געשעענישן (ז. אויבן, ז. 58). צי איז ניט די קאָרעספּאָנדענץ פון „האמיליץ“ נאָענט צו סאבוראָווס ווערסיע? דער אונטערשייד איז נאָר, וואָס דער בורזשואז־נאציאָנאליסטישער „האמיליץ“ האָט אָפּגעוואָרפן די באהויפּטונג, אז „ייִדן“ האָבן אָנגערייצט ניט־ייִדן אפ אנדערע „ייִדן“. איבער דער קאָרעספּאָנדענץ פון „האמיליץ“ האָט, אפּאָנעם, אן ארבעט געטאָן דעם צענזאָרס רויטער שטיפט. מע דארף פארשטיין, אז די צארישע מאכט האָט ניט געקענט זיך יט אינטערעסירן דערמיט, ווי וועט באלויכטן ווערן וויטעבסקער געשיסונג אין

דער פרעסע. כוץ אלעמען, איז דאָך די מײַסע־וויטעבסק אויסגעפאלן אין אזא שווער, הונגעריק, אומרויִק יאָר, ווי 1891. די צײַטונגען האָבן, זעט אויס, באַקומען אָנווײַזונגען—אָדער, גאָרניט צו שרײַבן וועגן וויטעבסק (און אזוי האָבן זיי טאקע געטאָן), אָדער צוגעבן די אָפיציעלע ווערסיע, דערבײַ ניט דערמאָנען אפילע וועגן מילישער, שיסערײַ, קאָרבאָנעס.

---

אָט אזויארום איז אין ענדע XIX יאָרהונדערט דורך ריידן און שווײַגן פאלסיפיצירט געוואָרן א גאנצע פאָלקס־באוועגונג, וואָס האָט ארומגעכאפט טויזנטער פון דעם ייִדישן און ניט־ייִדישן פלעבס אין צענדליקער ייִשוּוים פון 4 גובערניעס.

ווען מיר זאָלן וועלן שטודירן די פאָלקס־באוועגונג פון 1891 י. לויט דער פעריאָדישער פרעסע, וואָלטן מיר זיך דערוווּסט זייער ווייניק. ניט געקוקט דערויף, וואָס די געשעענישן האָבן זיך פאנאנדערגעוויקלט ווייניקער ווי מיט פופציק יאָר צוריק, קומט אויס זיך צו באנוצן קימאט בלויז מיט ארכיוו־מאטעריאל, גלײַך ווי דאָס אלץ איז פאָרגעקומען פריִער מיט יאָרהונדערטער. אפילע פון דעם ארכיוו־מאטעריאל האָבן מיר אָפּערירט בלויז מיטן שטאָף פון דעם פאָליציי־דעפארטאמענט. עס וואָלט אוודאי געווען זייער געווונטשן, ווען צווישן די קולטור־טוער פון וויטעבסק און פּאָלאָצק, ביכלאל פון דער געוועזענער וויטעבסקער גובערניע [1] זאָלן זיך געפינען כאוויירים, וואָס וואָלטן זיך פארנומען מיט אָפּזוכן דעם אָרטיקן מאַטעריאל. אין די ארכיוו־פאָנדן פון דער געוועזענער וויטעבסקער „גובערניִאלער פארוואלטונג“ און וויטעבסקער גובערנאטאָר דארף געוויס זײַן דער אנטשפּרעכיקער מאטעריאל, וואָס באלײַכט די ארויסטרעטונג פון 1891 יאָר. ווײַטער וואָלט מען געדארפט אויפזוכן עלטערע מענטשן (פון א יאָר 60 און עלטער), וואָס האָבן בײַגעלעבט די פאָלקס־באוועגונג און געגומען עפשער אפילע אין איר אָנטייל און פארשרײַבן זייערע זיכרוינעס [2] (אויב זיי קענען אליין עס ניט טאָן).

די באוועגונג פון 1891 י. איז געוויס ווערט, מע זאָל זי גענויער שטודירן. כוץ דעם אינטערעס, וואָס זי רופט ארויס אלס אזעלכע, קען דאָס גרינטלעכע דערלערנען די געשעענישן פון 1891 י. פיל נוצן ברענגען. א באוועגונג, וואָס האָט זיך פאנאנדערגעוויקלט בעערעך גאָר ניט לאנג, וואָס דער ארכיוו־מאטעריאל וועגן איר איז געוויס אָפּגעהיט געוואָרן, וואָס מע קען אפילע א זוך טאָן לעבעדיקע אָנטייל־נעמער—אזא באוועגונג דארף געבן פיל מעטאָדאָלאָגישן שטאָף אפ צו פאָרשן אנדערע פאָלקס־ארויסטרעטונגען אין דער ייִדישער סחיווע, וועגן וועלכע מיר ווייסן אזוי ווייניק.

---

[1]) אין וויטעבסקער גובערניע זײַנען כוץ וויטעבסק און פּאָלאָצק געווען קלענערע „אומרוען“ אין די שטעט סעבעזש און לוצין און אין די שטעטלעך סיראָטינ (פּאָלאָצקער אויעזד) און קרעסלאווקע (דינאבורגער אויעזד).

[2]) מע דארף זיי אָבער ניט אונטערזאָגן.

ביבליאָגראַפיע

# דאָס ייִדישע קינדער-ביכל

עס ליגן פאַר מיר 32 ייִדישע קינדער־ביכלעך, וואָס דער קינדער־פאַרלאַג באַם צ.ק. ל.ק.יו.פ.או. האָט אַרויסגעלאָזט פאַר די לעצטע פינף יאָר. דאָס זײַנען ביכלעך דורכויס פאַר די קלענסטע לייענער, פאַר דעם פאָרשול־עלטער. צום באַדויערן קומט אויס צו זאָגן, אַז אונדזער קריטיק שענקט שוין צו ווייניק אויפמערקזאַמקייט דעם דאָזיקן מין ליטעראַטור. און דאָס איז אַ שאָד!

פון די 32 ביכלעך געהערן נײַן דעם דיכטער ל. קוויטקאָ: „דאָס פריילעכע יאָר" (1934), אַ גאַנצע ריי באַזונדערע מײַסעלעך „דאָס קעצעלע", „כאַזיירים־לעך", „סאַניטאַרן" (1935), „דאָס פידעלע", „די באָבעצי בליומצי", „אַ מײַסעלע וועגן אַ פיידעלע אין רויטן סיכעלע" (1936), „ווען איך וועל אויסוואַקסן—(1937), און אַ גרויסע זאַמלונג „לידער און מײַסעס" (1937 י.).

קוויטקאָס וועלט איז שטענדיק קאָנקרעט. דער דיכטער פילט זייער שאַרף די אַרומיקע נאַטור. די לעבעדיקע וועלט אַנטשטייט פאַר אים שטענדיק אין איר זינלעכקײַט, די לעבנסדערשײַנונגען זײַנען מאַמאָשעסדיק, זיי לאָזן זיך קימאַט אָנטאַפּן מיט די הענט. די באַציִונג קוויטקאָס צו דער וועלט איז ניט קיין באָאַבאַכטערישע, נאָר אַ ווירקעוודיקע. די שפּראַך פון זײַנע בעסטע לידער איז פּראָסט, קאָנקרעט, יאָדערדיק. זײַן פערז איז צוגעגנגלעך און לאָזט זיך גרינג פאַרגעדענקען. די דאָזיקע אַלע מײַלעס מאַכן ליב קוויטקאָן פאַר אַן אויסגעצייכנטן קינדער־דיכטער.

אין דער זאַמלונג „אַ פריילעכ יאָר" איז צונויפגעזאַמלט 29 זאַכן זײַנע. צווישן זיי געפינען זיך אַזעלכע שוין איצט באַרימטע זאַכן, ווי „אַ בריוו דעם כ' וואָראָשילאָוו", אַ ליד וועגן די פּאַטריאָטישע געפילן פון אונדזערע קינדער; „דאָס פערדל", אַן אויסגעצייכנטע שילדערונג פון קינדערשער נאַיִווער פּסיכאָלאָגיע און וועלט־שפּיגלונג. דאָס קינד פאַרשטייט ניט, וויאַזוי קאָן אַ „פעטער", וואָס האָט נאָך ניט געזען זײַן פערדל, דאָך וויסן וועגן איר אַזעלכע זאַכן, אַז עס האָט אַ קאָפּ, אַן עק, פיר פיס א. א. וו. אין ביכל האָבן מיר אויך די ליד „כאַזיירימלעך", ווו די ליבע פונעם קינד צו באַלעכאַיִם ווערט פאַרבונדן מיטן באַוווּסטזײַן די זאָרגעוודיקע באַציִונג פונעם קאָלווירטישן בריגאַדיר צו די זעלבע באַלעכאַיִם. איר האָט דאָ אויך לידער וועגן נאַטור, וועגן שטוב־כײַעס, וועגן שטאָט, וועגן דאָרף, לידער וועגן קינדער, און לידער אָפּ אַזוי גערופענע פּאָליטישע טעמעס.

פון די לידער וועגן קינדער דאַרף מען אויסטיילן די אויסגעצייכנטע ליד „אַ יאַסליע שפּאַצירט", די ליד „מײַנס־דײַנס" (אָפּ דער טעמע פון קאָלעקטיוויזם), „אַ

באגעגעניש מיט דער לערערקע", „יעטעלע" א. א. דער פּראָבלעם פון קאָלעקטיוויזם איז געווידמעט די ליד וועגן גאָלד־זשוק.

די לידער וועגן זאוואָד, וועגן דער זעג־מיל זײַנען צו אַלגעמײַן און טרוקן. דאָס זעלבע אויך די לידער „ראַפּאָרט", „פּאָרויס", „פּאַשיסטנ", אין וועלכע קוויטקאָ פאַרלאָזט דעם באָדן פון קאָנקרעטקײַט און פאַלט אַרײַן אין אַלגעמײַנעם לאָזונג־אַרטיקן נוסעך.

די באַזונדערע אויסגאַבן געהערן קימאַט אַלע צו די בעסטע זאַכן קוויטקאָס. דאָס איז „דאָס קעצעלע", אײנס פון קוויטקאָס ערשטע ווערק, א נאַיִוו און כײַנעוודיך מײַסעלע וועגן דעם קינדס ליבע צום קעצעלע און וועגן זײַן קאַמף מיט דער מוטער פאַר דעם. „דאָס פידעלע" מאָלט א קינד, וואָס איז פאַרליבט אין דער נאַטור. מיט זײַן אײַנפאַכן, אַלײן געמאַכטן פידעלע פאַרקישעפט ער אַלץ אַרום זיך, די כײַעס, די פויגלען און אַפילע די בײמער און געוויקסן. זײער גוט איז „אַז איך וועל אויסוואַקסן". דאָ זײַנען אויסגעצײכנט געשילדערט די לאָשעקעס, זײער גוט איז דער קאָניוך, גלענצנדיק איז דער דיִאַלאָג צווישן קינד און דעם קאָניוך און דער געשפּרעך מיט דעם כאָווער בודיאָני. דאָס גאַנצע מײַסעלע אָטעמט מיט קראַפט, דרײסטקײַט און איבערגעגעבנקײַט דעם סאָציאַליסטישן הײמלאַנד. פאָלקסטימלעך איז „די באָבעצי בליומצי". אַביסל קאָמיש איז איר שלאָגלערישקײַט, וואָס באַשטײט דעריקער אין העלפן די קינדער אין זײערע אַרבעטן... דאָס מײַסעלע „סאַניטאַרן" שטעלט מיט זיך פאָר דעם סאַטירישן שטראָם אין קוויטקאָס שאַפן. קוויטקאָ קאָן געבן פּאָזיטיווע געשטאַלטן פון קינדער, ער ווײסט אָבער אויך ווי שילדערן נעגאַטיווע „העלדן". די טעמע וועגן רײנקײַט און סאַניטאַריע איז דאָ גלענצנדיק באַאַרבעט. דאָס מײַסעלע וועגן „דעם מײדעלע אין רויטן טיכעלע" שטעלט מיט זיך פאָר א פּרווו איבערצוטראָגן די באַרימטע מײַסע „וועגן רויטן היטעלע" אין אונדזערע קאָלווירטישע באַדינגונגען. די ראָלע פונעם בײזן וואָלף שפּילט דער באַלעגופּ, דאָס מײדעלע אין רויטן טיכעלע איז א דאָרפישע פּיאָנערקע, א שלאָגלערן. ניט געקוקט אַף באַזונדערע געלונגענע ערטער, איז דאָס מײַסעלע אינגאַנצן בענומען אויסגעקומען שרײַענדיק־פּלאַקאַטיש. אַן עמעסע מאַטאָנע פאַר די קינדער איז אָן סאָפעק קוויטקאָס זאַמלונג „לידער און מײַסעס", אין וועלכער עס איז צונויפגענומען דאָס בעסטע, וואָס דער דיכטער האָט געשאַפן פאַר צוואַנציק יאָר אַרבעט, פון 1917־טן יאָר אָן. די דאָזיקע זאַמלונג וועלן מיט פאַרגעניגן לײענען סײַ גרויסע, סײַ קלײנע. און אויך דיכטער, וואָס אַרבעטן אין געביט פון קינדער־ליטעראַטור, וועלן אין דעם בוך געפינען זײער אַסאַך באַלערעוודיקס און נוצלעכס.

פון כ א נ ע ל ע וו י נ ע ס פיר ביכלעך איז אָן סאָפעק דאָס בעסטע „די מײַסע וועגן דער פעלדגאַנדז". אַן אויסגעצײכנטע שפּראַך, גלענצנדיקע בילדער, רײנע פאַנטאַסטיק—דאָס אַלץ מאַכט דאָס דאָזיקע ביכל פאַר א היפּשער דערגרײכונג פון אונדזער קינדער־ליטעראַטור. בלויז אין צוויי ערטער קלינגען די רעפּליקעס פון דער לערכע, ווי איבערגעזעצט („און אָט וועט איר ניט אָפּהריזען", און אָט וועט איר ניט פאַרגרײטן). זײער לעבעדיק איז אויך דאָס מײַסעלע „זומער", א בילדל וועגן א רײַזע פון קינדער אַף זומער־אורלויב, פיל שוואַכער זײַנען די ביכלעך „שטערנדלעך" און „אַף דער זוניקער זײַט". זײער הויפּט־כעסאָרן איז זײער בעקיוונדיקײַט.

די ביכלעכ זײַנענ געשריבנ „פאר קינדער״, אינ זיי איז דאָ צופיל טענדענציעזע די־
דאקטישקײַט אונ סענטימענטאלקײַט. די טעמעס זײַנענ אָפט קליינלעכ. דאָס בעסטע
אינ די ביכלעכ זײַנענ די נאטור־שילדערונגענ.

אייגנארטיק זײַנענ דעמ נ י ס ט ע ר ס מײַסעס. דאָס בעסטע ביכל איז די זאמלונג
פונעמ 1936 יאָר. דאָ זײַנענ דורכויס מײַסעס וועגנ כײַעס, אָבער אינ ניסטערס
מײַסע וועגנ כײַעס שפירט זיכ, מערסטנס, א טיפ־פארלייגטע גרויסע געזעלשאפטלעכע
אידייע. די מײַסע וועגנ דעמ וואָלפ אינ דער פוקסנ־פעל, אנ אייגנארטיקער וואַ־
ריאנט פונ דער בארימטער פאבל וועגנ וואָלפ אינ דער הינט־שטאל, אריבערגעטראָגנ
אינ אונדזערע באדינגונגענ, קלינגט גאנצ אקטועל. די מײַסע וועגנ דעמ פוקס שיל־
דערט די ענדערונגענ אינ דאָרפ, דעמ כילעק פונעמ אמאָליקנ רוסישנ פארוואָר־
לאָזטנ דאָרפ אונ אונדזער פעסטנ, שטרענג אָפגעהיטנ קאָלווירט. פול מיט כיינ אונ
שיינער פאנטאסטיק זײַנענ די מײַסעלעכ וועגנ דעמ האָזל, וועלכנ עס טוענ וויי די
ציינ א. א. דאָס איינציקע מײַסעלע (אינ דער זאמלונג פונ 1934־טנ יאָר) וועגנ דעמ
כינעזער, וואָס שטארבט פאר דער רעוואָליוציע, איז אָנגעשריבנ שווער.

י. ק אָ ט ל י א ר ס ביכל אנטהאלט דרײַ מײַסעלעכ, א מײַסע וועגנ דער „גאנעווטע
דער בינ״, „וועגנ ניס״ אונ „דער שטרויס״. קאָטליאר גייט אינ זײַנע מײַסעס אָפ
סשוקאָווסקיס וועג. ער איז רײַכ מיט ריטמענ, מיט שיינע גראמענ. ער האָט ליב
שפילנ זיכ מיטנ וואָרט. אָבער צוגלײַכ מיט קוויטקאָנ אונ ניסטערנ שטרעבט קאָט־
ליאר דורכצופירנ אינ זײַנער א מײַסע אויכ א געווויסע פּאָליטיש־געזעלשאפטלעכע
אידייע. אינ דעמ זינ איז די געלונגענסטע מײַסע טאקע די געשיכטע מיט דער בינ,
וואָס האָט זיכ געפוילט ארבעטנ, ווי זי האָט געגאנוועט האָניק, וויאזוי מע האָט
זי געכאפט אונ וויאזוי דער בינענ־קאָלעקטיוו נעמט זיכ זי איבערדערציִענ. ניט
שלעכט זײַנענ אויכ די אנדערע צוויי מײַסעס, אָבער אינ זיי ווערט דער אווטאָר
אָפטמאָל פארכאפט מיט שפיל צוליב שפיל, די מײַסעס ווערנ אָנ זייער קאָנקרעט־
קײַט, זײַנענ היפש צעצויגנ אונ ווייניקער צילגעווענדט.

דער כ' ג ו ט י א נ ס ק י האָט אינ דער רעצענזירטער סעריע צוויי ביכעלעכ.
איינס, „ב ו ל י ע״ באשטייט פונ צוויי פיעסקעס. דער דאָזיקער זשאנר איז נאָר א
דעפיציטער אינ דער קינדער־ליטעראטור, אונ גוטיאנסקי איז אינ דעמ זינ א געווי־
סער איניציאטאָר. די מאריאָנעטנ־שפיל „קראקאָוויאקע״ איז זייער לעבעדיק אָנגע־
שריבנ, פארמאָגט קאָמישע סיטואַציעס, פול מיט פאָלקסטימלעכע אינטאָנאציעס אונ
וועט געוויס זייער אויסנעמענ בא די קינדער. די סצענקע „בוליע״ איז צו עלעמענ־
טאר אפילע פאר קינדער. דאָס ביכל „אזעלכע אונ אזוינע״ איז אָנגעשריבנ גאנצ
לײַכט, אָבער די גראמענ פארשטעלנ דאָ אָפט די פּאָעזיע. דאָס איז א ביכל דעריקער
וועגנ „שלעכטע״ קינדער, וועגנ פוילּיאקעס, ליגנערס, פלאפלערס א.א.וו. די שילדע־
רונג איז אָפט שארזשירט, צו אלגעמיינ אונ גראָד זייער דירעקט־דערציִערישער ציל
רופט ארויס ספייקעס אינ דער מעטאָדיק פונ אזא דערציונג... גאנצ געלונגענ איז
דאָס לידל וועגנ ניורענ.

ע. פ י נ י נ ב ע ר ג ס מײַסעלע „עס קאָנ ניט זײַנ״ איז אנ איבערארבעטונג פונ א
פאָלקס־מײַסע. זי איז אָבער אָנגעשריבנ גאנצ שווער, נעמענדיק אינ אכט דעמ
עלטער, פאר וועלכנ זי איז באשטימט.

ניט שלעכט איז א. ק א ה א נ ס מײַסעלע „דאָס בעסטע היטל“. אין דער געשיכטע וועגן באשטעלטן היטל, איז קאהאנען געלונגען איבערצוגעבן א בילד וועגן דעם בירגער־קריג אף אוקראַינע, וועגן די גוואלדטאטן פון די פארשײַדענע שווארצע און ווײַסע קויכעס, און וועגן דער ליבע פונעם פאָלק צו אונדזער רויטער ארמײ.

איבערגײַענדיק צו דער פראָזע, דארף מען גלײַך זאָגן, אז זי איז אין דער סעריע פאָרגעשטעלט אסאך שוואכער ווי די פאָעזיע. ס'איז עפשער נאטירלעך אויך. דאָס קינד לײענט נאָך ניט אלײן, מע לײענט דעם פאָר, און עס נעמט פיל גרינגער אוף דאָס דיכטערישע וואָרט, ווי דאָס פראָזאיִשע, דאָס קלאנג־וואָרט איידער דאָס זינ־וואָרט.

אין דער פראָזע איז מער פאר אלץ טעטיק י. ק י פ נ י ס. דאָ האָבן מיר דרײַ ביכעלעך זײַנע. ווײַטער גײען אָ ר ל א נ ד ס דרײַ ביכלעך, אײן ביכעלע דאניִעלס, אײנס עליע קאהאנס, און אײנס בראנדס.

י. ק י פ נ י ס ע ס „בורר־מורו“ איז א ביכל פאר גאָר קלײנינקע. די עטלעכע פיצעלעך מײַסעלעך מיט אן אײנפאכער פאבולע, וווּ די רעאלקײַט מישט זיך מיט קינדערשער פאנטאסטיק, האָבן דעם ציל צו געבן דעם קינד די ערשטע עלעמענטארסטע באקענטעניש מיט דעם ארום. קיפניס בויט זײַנע מײַסעלעך אָפט אף פאָלקסמוסטערן, נוצט פאָלקס-אויסדריקן, אויסגעשריִענע סאָפּן פון דער פאָלקס־מײַסע. דאָך דארף מען זאָגן, אז קיפניס ספראוועט זיך דאָך ניט שלעכט אויך מיט אָט דעם שווערסטן זשאנר. דאָס ביכל „א נאָמען וועט שוין זײַן“ באשטײט פון דרײַ דערצײלונגען. די ערשטע דערצײלונג, וואָס גיט איבער די געשיכטע פון דער שטאָט „פערוואָברוד“, וועגן איר איבערבויונג, וועגן דער ליקווידאציע פונעם באלעגופּנטום און וועגן דער הילף פון דער רויטער ארמײ אין דעם אלעמען, לײענט זיך מיט אינטערעס, ניט געקוקט אף דער אָפענער טענדענץ. שוואכער איז די דערצײלונג וועגן דעם צ י ר ק. דאָס מײַסעלע וועגן ק י ר ב ע ס ל און ק א ו ו ע נ ד ל געהערט צו די מײַסעלעך פאר גאָר קלײנינקע, עס עטעמט מיט נאַיִווער אויפּטלבארקײַט. דאָס ביכל „א ג ו ט ע אָ ר ד ע נ ו נ ג“, וואָס האָט דעם ציל צו באקענען די קינדער מיט דער אָרדענונג פון דער שטאָט־באוועגונג, ווי ביקלאָל מיט אזעלכע שטאָטישע אויסריכטונגען, ווי טראמוײַ, טעלעפאָן, וואסערלײטונג, איז אָנגעשריבן שטארק טרוקן און סכעמאטיש.

פון ה. אָ ר ל א נ ד ס ביכעלעך איז דאָס בעסטע „די מ ײַ ס ע וועגן דעם ב י נ ע ל ע“. עס איז פול מיט די רײַכעס פון די בלומען און פײַרעס, וועגן וועלכע עס ווערט דערצײלט. די דערצײלונג וועגן לעונינען („א גאסט“), ווי ער האָט אין 1917 יאָר געגעכטיקט אין א קארעלישן וואלד־שטיבעלע, און ווי די קינדער האָבן אים נאָכדעם דערקענט לויטן פּאָרטרעט, איז אָנגעשריבן זײער קארג, קימאט פארצײכענונגסארטיק. די מײַסע וועגן די שיקערע גענדז איז מער ענלעך אף אן אנעקדאָט פון בירגער־קריג, איידער אף אן ערנסטער מײַסע.

ציקאווע איז מ. ד א נ יִ ע ל ס מײַסע וועגן דעם שטומען ייִנגעלע „זאָרקע“. דאָס מײַסעלע דערציט אין די קינדער אָפּשײַ און ליבע צו א קינד א באלמום. זײער לעבעדיק און מיט פײַנעם הומאָר זײַנען אָנגעשריבן ע ל י ע ק א ה א נ ס צווײ מײַסעלעך „דאָס לעבעדיקע גענזנדל“ און „בעטינקע“.

דער טעמע פון קאמפ פונעם אויסלענדישן פראָלעטאריאט און דעם לעבן פון די קינדער אין אויסלאנד איז געווידמעט בלויז איין ביכל פונעם יוגנטלעכן שרײַבער כ' בראנד „דאָס מענטעלע". אין דעם ביכל ווערט דערציילט וועגן א שטרײַק פון וועבער אין פוילן און וועגן דעם, וויאזוי דאָס מיידעלע טראָגט דורכ אין דער אומלעגאלער דרוקערײַ א טעקסט פון א פראָקלאמאציע און דערנאָכ אויכ דאָס פעקל אָפגעדרוקטע פראָקלאמאציעס אפ צו פארשפרייטן זיי. די קינדער וועלן זיכער דאָס מײַסעלע איבערלייענען מיט אינטערעס. א שאָד נאָר, וואָס דער דאָזיקער וויכטיקער טעמע ווערט געשענקט אזוי ווייניק אופמערקזאמקײַט.

צום שלוס דארפ מען זיכ אָפשטעלן נאָכ אפ איין ביכל פונעם קינדער־פארלאג. דאָס איז דאָס ביכל „קינדער־שאפונג", וואָס איז דערשינען אונטער דער רעדאקציע פון די כאווײרים קוויטקאָ און גרינזײַד. ווי עס ווײַזן אָן די צונויפשטעלער, האָבן זיי מיט דעם ביכעלע געשטרעבט צו באווײַזן, וועלכע שטימונגען עס הערשן צווישן אונדזערע קינדער, וויפל לעבנס־פרייד זיי פארמאָגן, וויפל ליבע צו אונדזער היימלאנד און סינע צו די פײַנט פון סאָציאליזם עס לעבט אין זיי. גלײַכצײַטיק האָבן די צונויפשטעלער געשטרעבט צו באווײַזן אויכ די יונגע טאלאנטפולע קאדרען, וואָס בילדן די קומענדיקע קאדרען פון אונדזער סאָוועטישער פאָעזיע. מע דארפ זאָגן, אז אין דידאָזיקע הינזיכטן איז דאָס ביכל באפיירעש בארעכטיקט. די מערהײַט זאכן, וואָס זײַנען אָפגעדרוקט אין דעם ביכל זײַנען לעבעדיק און פריש. די טעמאטיק איז פארשיידנארטיק. דאָס באווײַזט דעם ברייטן פארנעם אינטערעסן, מיט וועלכע עס לעבן אונדזערע קינדער. די שטימונג איז א פריידיקע, א לוסטיקע, עס איז אָבער שווער אויסצוטיילן פון די פיל אווטאָרן די באזונדערס פעיִקע. און ווער פון זיי וועטווירקלעכ ווערן א פאָעט, וועט באווײַזן די צוקונפט.

דער קינדער־פארלאג האָט לעצטנס שטארק פארשטעלערט זײַן פראָדוקציע. דאָס איז ניט דערלאָזבאר. פאר די עטלעכע יאָר ארבעט האָט ער חיפּש א רוק געטאָן די זאכ פון שאפן די ייִדישע קינדער־ליטעראטור. אָט דידאָזיקע וויכטיקע ארבעט מוז פאָרגעזעצט ווערן.

מ. כאשטשעוואצקי.

# אינהאלט





רעדקאָלעגיע.

דרוקערײַ א. ג. סטאַלינ. 6 דרוק-בויגנ. באַשטעלונג 580. גלאַווליטבעל 328—Ш

## אנאטאָלי קאָנסטאנטינאָוויטש
# סעראָוו
## פּאָלינא דעניסאָוונא
# אָסיפּענקאָ

## פונ ראט פונ די פאָלקס־קאָמיסארנ פונ פארבאנד ססר אונ צענטראל־קאָמיטעט אלקפּ (באָלשעוויקעס)

דער ראַט פונ די פאָלקס-קאָמיסארנ פונ פארבאנד ססר אונ דער צענטראל-קאָמיטעט פונ אלקפּ (באָלשעוויקעס) טיילנ מיט מיט טרויער וועגנ פריצײַטיקנ אומקום פונ די העלדנ פונ סאָוועטנפארבאנד די כאווײרימ אנאטאָלי קאָנסטאנטינאָוויטש סעראָוו אונ פּאָלינא דעניסאָוונא אָסיפּענקאָ, וואָס איז פארגעקומענ דעמ 11 מײַ באמ אויספילנ די דינסט-פליכטנ אינ רעזולטאט פונ א לופט־קאטאסטראָפע אונ דריקנ אויס זײער טיפנ מיטגעפיל די פאמיליעס פונ די אומגעקומענע.

## מיטגעפיל פונ ראטפאלקאמ ווססר אונ צק קפּ(ב)וו

דער ראט פונ די פאָלקס־קאָמיסארנ פונ ווססר אונ דער צענטראל־קאָמיטעט פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי (באָלשעוויקעס) פונ ווײַסרוסלאנד דריקנ אויס זײער טיפנ טרויער צוליבנ טראגישנ אומקומ פונ די העלדנ פונ סאָוועטנפארבאנד, די שרעקלאָזע סאָקאָלנ פונ אונדזער היימלאנד—אנאטאָלי קאָנסטאנטינאָוויטש סעראָוו אונ פּאָלינא דעניסאָוונא אָסיפּענקאָ.

די געשטאלטנ פונ רומפולנ שרעקלאָזנ לופטפליער אנאטאָלי סעראָוו, פונ דער רומפולער טאָכטער פונ סאָוועטישנ פאָלק פּאָלינא אָסיפּענקאָ, וועלכע האָבנ אָפּגעגעבנ זײער לעבנ פאר דער זאכ פונ פארפעסטיקנ די שוץ פונ גרויסנ סאָוועטנ־לאנד וועלנ דינענ פאר די ארבעטנדיקע פונ ווײַסרוסלאנד אלס בײַשפּיל פונ גרענעצ־לאָזער ליבע צומ היימלאנד. אלס בײַשפּיל פונ גרענעצלאָזער איבערגעגעבנקײַט דער גרויסער זאכ פונ לענינ־סטאלינ.

ראט פונ די פאָלקס־קאָמיסארנ פונ ווססר
צק קפּ(ב) פונ ווײַסרוסלאנד.

ОК4

פרײַז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
## (З О Р К А)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.